פראַנסיסקאָ פערערער אי גוארדיא

# די מאָדערנע שול

פון שפּאַניש: י. גאָראָדיסקי

בוך-געמיינשאַפט
ביי דער
יידישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט

בוענאָס איירעס, 1929

143

פראַנסיסקאָ פערער אי גוארדיא

# די מאָדערנע שול

פון שפּאניש: י. גאָראָדיסקי



בוך-געמיינשאַפט
ביי דער
יידישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט

בוענאָס איירעס, 1929

מיר הויבן אָן אונדזער פארלעגערישע ארבעט מיט ארויסגעבן דאָס פארליגנדיקע בוך, וואָס איז די לעבעדיקסטע און פילזאָגנ־דיקסטע פארשטעלונג פון א העכסטן מאָמענט אין דער געשיכטע פון דער מאָדערנער דערציאונג, פון יענעם מאָמענט, וואָס זיין סימן איז פ ר א נ ס י ס ק א פ ע ר ר ע ר.

זעלטן וועז איז אין דער געשיכטע פון וועלכער נישט איז צווייג פון דער מענטשלעכער טעטיקייט אויסגעפאלן אויף דעם גורל פון איין מענטשן אזוי צונויפצוזאמלען ארום זיך אלע שטראלן פון א גאַנצער עפּאָכע און ארויסצושטראלן זיי צוריק אַזוי העל, אזוי ווייט און אזוי טרעפלעך, ווי דאָס איז באַשערט געווען פעררערן. אליין א לעבעדיקע אילוסטראציע צו יענער מענטשלעכער פערזענלעכקייט, וואָס ער האָט געוואָלט ארויסקריגן פון זיין מ אָ ד ע ר נ ע ר ש ו ל — א פרייער דענקער, וועלכער צאָלט נישט קיין צינז צו די פארורטיילן פונם עבר, א זעלבסט־שטענדיקער פארשער מיט א פרייען קריטישן אויג און א פעסטער כאראקטער, באַ וועמען „דער מוח איז דער באוועגער פון אַ ווילן" — איז פעררערן געלונגען צו פארקערפּערן אלע גרויסע רעוואָלו־ציאָנערע אידייען וועגן דער דערציאונג, וואָס זיינען געוואָרן זינט די פּרעלימינארן פון דער ג ר ו י ס ע ר פ ר א נ צ ו י־ז י ש ע ר ר ע ו ו א ל ו צ י ע און פארן גאַנצן 19-טן יאָר־הונדערט. די פּעדאַגאָגישע טעאָריעס פון ר ו ס א, ל א וו א ו־א ז י ע, פ ו ר י ע, ק אָ נ ס י ד ע ר א ן, פ אָ ל ר א ב י ן, ר ע ק ל י ו, ק ר אָ פּ אָ ט ק י ן, זיינען צום ערשטן מאָל ארויס מן הכוח אל הפועל אין אזא לויטערער און פאר א מוסטער דינענדיקער פאָרם, ווי דאָס איז געווען פעררערס מ אָ ד ע ר נ ע ש ו ל.

פאַרשטייט זיך, אַז עס וואָלט געווען אַ טעות צוצושרייבן פּערערן אַליין די גאַנצע דורכפירונג פון דער ראַציאָנאַליסטישער שול: אין איניציאַטיוו מיט אַזאַ גרויסן פאַרנעם און פון אַזאַ טראַנסצענדענטאַלער באַדייטונג האָט נישט געקאָנט אויסגעפירט ווערן פון איין מענטשן. פּערערער האָט, בלתי ספק, געהאַט די וויזיע און דעם טעמפּעראַמענט פון אַ וויסנשאַפטסמאַן (זע באַסע אַנטי־טשעס גלענצנדיקע מאָנאָגראַפיע „פראַנסיסקאָ פּערערס פּעדאַגאָגיע", די יידישע איבערזעצונג פון וועלכער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער יידישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט), אָבער דעם כוח זיינעם דאַרף מען פאָרט זוכן קודם־כל אין דער טאַט. פּערערער און די באַוועגונג, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אַרום דער מאָדערנער שול,, האָבן באַוויזן צוצוציען אַ גאַנצע ריי ערשטקלאַסיקע טאַלאַנטן, דאָס רוב פון וועלכע ווערן, אַגב, דערמאָנט אין דעמדאָזיקן בוך. עס איז אודאי איינער פון פּערערערס גרעסטע אויפטוען, וואָס אַרום אים האָט זיך געקאָנט שאַפן אַזאַ האַרמאָנישער צוזאַמענגעם פון פאַר־שידענע און אָריגענעלע מיטאַרבעטער, פּונקט ווי דער מאָדער־נער שול איז געלונגען צו ווערן דער פאַרקערפּערטער וואונדערבאַרער סינטעז פון די פאַרשידנאַרטיקסטע און אָריגינעלע אידייען וועגן דער דערציאונג.

צווישן אַלע גרויסע מעלות פּערערערס, אַ דאַנק וועלכע זיין אַרבעט האָט דערגרייכט צו אַזאַ גרויסן ווערט און קאָלאָסאַלן פאַר־נעם, וואָלט מען אפשר באַדאַרפט באַזונדערס אונטערשטרייכן זיין מוט. און עס וואָלט געווען לחלוטין איבעריק אָפּצושטעלן זיך אויף דעם „בירגערלעכן מוט" פון יענעם גרויסן רעפאָרמאַטאָר, אויף וויפיל עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אין זיין אומדערשראָקענעם קאַמף אַנטקעגן דער שפּאַנישער מלוכה און דעם קאַטוילישן קלער, אַ קאַמף, וואָס ער האָט אָן וואַקלענישן און נישט איבעררייסנדיק זיין אַרבעט, געפירט, ביז ער איז געקרוינט געוואָרן מיטן מאַר־טירער קראַנץ. פיל מער איז צום באַוואונדערן פּערערערס גייסטיקן מוט, — און דעם קלימאַקס־שטריך פון דעמדאָזיקן, דאַרף מען אפשר נישט אַזוי זוכן אין דער געוואַגטקייט, וואָס ער האָט

אַרויסגעוויזן בײַם איבעררייסן מיט דער גאַנצער רוטין פון דער בירגערלעכער דערציאונג, ווי אין דעם, וואָס פעררער האָט געוואגט צו עמאַנציפּירן זיין ארבעט פון דער אינערציעלער נאָכפאָלגערשאפט זוכעניש פון דער סאָציאַלער באוועגונג, צו וועלכער ער האָט געהערט. די געדאנקען, וואָס ער זאָגט אַרויס, בעת ער רעדט וועגן דער קאָעדוקאציע פון די געזעלשאפטלעכע קלאסן, זיינען א מוסטער, ווי ווייט ער האָט געקאָנט שטעלן דעם קינדס רעכט העכער איבער דעם אזוי נאַטירלעכן פארטיי עגאָאיזם. די איצטיקע, אזוי גערופענע, נ יי ע ד ער צ י א ו נ ג , וועלכע איז א רעזולטאַט פון א מענגע טיפע און בפרוטרותדיקע וויסנשאַפטלעכע פארשונגען, און וועמענס געבורט פעררער האָט, אגב, גוט באַמערקט, האָט פולשטענדיק באַשטעטיקט אָט דעם צוגאַנג צו דער דערציאונג און איז אפילו אוועק פיל ווייטער אויף דעם וועג פון נישט ארויפצווינגען אויף די קינדער קיין פארטיקע אידייען, ווי ריכטיק אָט די אידייען זאָלן נישט אויסזען אין אונדזערע אויגן. פאראן אפילו אָנהענגער פון דערדאָזיקער נ יי ע ר ד ע ר צ י א ו נ ג, וואָס ווארפן אפילו פאָר פעררערן, אז אין זיין שול, האָט מען צופיל נאָכגעגעבן דעם אַפעטיט פון דער פּאַרטיי...

כדאי נאָך אָנצומערקן, אויף צו פארשפּאָרן א מעגלעכע פאַלשע פאָרשטעלונג וועגן פעררערן, אז דאָס פאָרליגנדיקע בוך איז אָנגעשריבן געוואָרן, ווי א מין פארטיידיקונגס שריפט, בעת אַ קורצן שטילשטאַנד, וואָס די שפּאַנישע רעאַקציע איז געווען געצוואונגען נאָכצוגעבן דעם גרויסן שול־רעפאָרמאַטאָר. דאָס בוך איז אָנגעשריבן געוואָרן נאָכדעם, ווי פעררער איז ארויס פון תפיסה, וואו ער האָט פארבראכט א יאָר צייט, און אין א יאָר ארום איז ער געריכטלעך דערשאָסן געוואָרן אין מאָנטכויאיטש. פעררערס שונאים האָבן אין דעם אַנטקעגן אים אָנגעפירטן פּראָצעס, וואָס האָט בשעתו נישט געמאכט קיין קלענערן טומל אין דער ציוויליזירטער וועלט, ווי דער נישט לאַנגאָניקער סאַקקאָ־וואַנצעטטי פּראָצעס, הויפּטזעכלעך געשטעלט דעם טראָפּ אויף פראנסיסקאָ פעררערס אַנאָרכיסטישע אידייען. נישט קיין וואונדער דעריבער,

וואָס דער אויטאָר מיידט אזוי אויס צו ריידן וועגן זיין אַנאַרכיזם.

וואָס איז שייך קראָפּאָטקינס בריוו, איז ער אין דער שפּאַ־נישער אויסגאבע (פארלאַג „לא עסקועלא מאָדערנאַ") אפּגעדרוקט אַלס אָנהאַנג צום סוף בוך. מיר האָבן אומגעביטן דעם סדר און דרוקן אים ביים סאַמע אָנהויב, ווייל מיר מיינען, אז די אידייען, וואָס זיינען אויסגעדריקט אין דעם בריוו פון דעם גרויסן אנארכיסטישן לערער, קאָנען גרויסארטיק דינען פאר א לייט־מאָטיוו צו פערערס עפּאָפּייע. אפשר וועלן מיר מיט דעם פועלן נאָך עפּעס: צו פארבעסערן דעם צוגאַנג צום בוך מצד דעם אייראָ־פּעאישן יידישן לייענער: — די פינף קלענערע אָפּהאַנדלונגען וועגן דער ראציאָנאַליסטישער דערציאונג, וואָס די „יידישע רא־ציאָנאַליסטישע געזעלשאפט" האָט ארויסגעגעבן, האָבן אין דער אייראָפּעאישער קריטיק געפונען אַ מאָדנעם אפקלאנג: די גאַנצע ראציאָנאַליסטישע אידייע איז, להיפוך צום קלאָרן טעקסט פון די דערמאָנטע אויסגאבן, אָנגענומען געוואָרן פאר אן אינדיווידוא־ליסטישער. מיר האָבן עס זיך נישט געקאָנט דערקלערן אַנדערש, ווי מיט דעם פאקט, אז די יידישע אינטעליגענץ אין אייראָפּע זאָלן האָבן עפּעס א מטושטשן באגריף וועגן א געוויסער שייכות, וואָס דער ראציאָנאַליזם זאָל האָבן מיט אנארכיזם (די שייכות איז אגב די, וואָס דאָס רוב, הגם ווייט נישט אלע, אָנגעזעענסטע ראציאָ־נאַליסטישע טוער זיינען אַנאַרכיסטן). אין די מזרח-אייראָפּעאישע יידישע צענטערס ווערן ערשט דורכגעהאקט די פענצטער צו יענער אייראָפּע, וועלכע געפינט זיך אויף יענער זייט, צו מערב-צו און צו דרום-צו פון דייטשלאַנד. דער מארקסיסטישער קאָלעקטיוויזם איז דאָרט, דערווייל, כמעט די איינציקע באַקאַנטע סאָציאליסטישע טעאָריע. דאָס וואָרט „אַנאַרכיזם" דערמאָנט זיי נאָר די פּאַראַדאָק־סאלע אולטרא-אינדיווידואליסטישע אידייען פון... ש ט י ר נ ע ר, נ י ט ש ע און א י ב ס ע ן. אויב עס איז אזוי, וועט קראָ־פּאָטקינס בריוו, נאַטירלעך, דעם גאַנצן אנארכיזם „על רגל אחת" נישט אויסלערנען, אָבער, על-כל-פנים, קאָן ער אויפמערקזאַם מאַכן, אז דער אַנאַרכיזם איז נישט דער מארקסיסטישער קאָלעקטיוויזם און

נישט דער ניטשעאנער אינדיווידואליזם, נישט-קריסט און נישט אַנטיקריסט, נאָר א לגמרי אַנדער טעאָריע, וואָס עס וואָלט אפשר נישט געשאדט צו באַקאָנען זיך מיט איר.

און אַ פּאָר ווערטער וועגן אונדזער פארלאג: די אידייען וועגן דערציאונג זיינען אפשר מער, ווי וועלכע נישט איז אנדערע, מסוגל קלאָר צו מאַכן אַ שטאַנדפּונקט וועגן א קולטורעלער ארבעט. מיר מיינען דעריבער, אַז אָט די אויסגאבע, מיט וועלכער מיר מאַכן א התחלה צו אונדזער ארבעט, וועט מער ווי אלע פּראָגראמען באשטימען דעם אידעאישן כאראקטער פון אונדזער פארלאַג. עס קאָן איצט ווערן קלאָר, ווער עס זיינען אונדזערע פריינט, און מיר האָפן אויך, אז אונדזערע פריינט וועלן אויף להבא ארויס- ווייזן אן אַנטשלאָסענערע טעטיקייט לטובת אונדזער בוך-געמיינ- שאפט. ווערליק די האָפענונגען, וואָס מיר האָבן געלייגט אויף דער שטיצע מצד דעם פרײדענקענדיקן ארגענטינישער-יידישן לייענער, האָבן מיר זיך ביז איצט נישט אפגענארט. אדרבא, דער אָפּרוף האָט איבערגעשטיגן אונדזערע אויסרעכענונגען. מען דאַרף אָבער נישט פארגעסן, אז מיר האָבן אונדזערע אויסרעכענונגען געמאכט רעלאַטיוו, ווערליק אַ נייע ארבעט און אין א פאר דעם נייער סביבה. עס איז אָבער דורכויס נויטיק ביסלעכווייז אויסצובריי- טערן אונדזער טעטיקייט, ביז די בוך-געמיינשאפט וועט קאָנען ווערן דער וויכטיקער קולטור-פאַקטאָר, וואָס פעלט אונדז שטאַרק אויס.

מערץ, 1929.

בוך־געמיינשאפט ביי דער
יידישער ראציאנאליסטישער
געזעלשאפט.

# פאָרוואָרט

איך בין געווען פאַרבונדן מיט פּעררערס אַרבעט — אַלס איבער־זעצער פאַר זיין ביבליאָטעק, — זינט עטלעכע חדשים פאַר דער גרינ־דונג פון דער מאָדערנער שול, און האָב זיך דעריבער גע־פונען אין אַ גליקלעכער לאַגע, אויף צו קענען די גראַנדיעזקײַט־גרויסקייט פון יענעם זעלטענעם מענטשן, וואָס האָט מיך אויסגעצייכנט און באַ־ערט מיט זיין פריינטשאַפט און צוטרוי.

אויף אַ יום־טוב, וואָס די באַרסעלאָנער ראַציאָנאַליסטישע לערער האָבן איינגעאָרדנט לכבוד פּעררערן, אויף צו פייערן זיין באַ־פרייאונג אין דעם פּראָצעס פאַרן מאַי־אַטענטאַט אויפן קעניג אין מאַדריד, האָב איך אויסגעדריקט מיין מיינונג וועגן דעם וויסנשאַפט־לעכן און ראַציאָנאַלן אונטעררייכט מיט די פאָלגנדיקע ווערטער:

מיר פייערן איצט אַ נצחון פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס און אַ מפּלה פאַר דער מאַכט פון דער פּריווילעגיע.

עס איז נויטיק, אַז מיר זאָלן זיך אָפּגעבן אַ קלאָרן דין־וחשבון וועגן דעם, כדי צו אָפּשאַצן גענוי, וואָס פאַר אַ כוח עס העלפט אונדז, אויף וואָס פאַר אַ רעכט מיר קאָנען זיך שטיצן, און וואָס פאַר אַ פּער־זענלעכן און קאָלעקטיוון איינפלוס מיר קאָנען האָבן אין די קומענדיקע מפּלות פונם שונא און אין דער אומענדלעכער קייט פון נצחונות, וואָס דערוואַרטן אונדז אויף דעם וועג צו פולקאָמענהייט, אין דער פאָרשונג פונם אמת און אין דער דורכפירונג פון דער גערעכטיקייט.

אין אַ לאַנד מיט אַנאַלפאַבעטישע מאַסן, וואו דער פּראָ־צענט אַנאַלפאַביתניקעס דערגרייכט צו איינעם פון די גרעסטע פּראָפּאָרצן

אין אייראָפּע און אין אַמעריקע, איז אונטערגענומען געוואָרן דער ראַ־ציאָנאַלער לימוד, וואָס זיין ציל ווערט קלאָר אויסגעדריקט מיט אָט די ווערטער אין דער פּראָגראַם פון דער מאָדערנער שול:

„נישט קיין דאָגמעס, נישט קיין סיסטעמען, פורעמס, וואָס באַגרע־ניצן די וויטאַליטעט צו דער ענגשאַפט פון די פאָדערונגען פון א פאַרביי־גייענדיקער געזעלשאַפט, וועלכע אַספּירירט אויף ענדגילטיקייט; שלוסן, וועלכע זיינען דערוויזן געוואָרן דורך פאַקטן, טעאָריעס, וועלכע זיינען אנגענומען געוואָרן פונם שכל, אמתן, וועלכע זיינען באַשטעטיקט גע־וואָרן דורך דער באַשיינפּערלעכקייט, — אָט וואָס עס שטעלט צוזאַמען אונדזער לימוד, וואָס צילט, אַז יעדער מוח זאָל באַוועגן א ווילן, און אַז די אמתן, וועלכע שיינען פון זיך גופא אין אבסטראַקט, זאָלן זיך איינ־וואָרצלען אין איטלעכן פאַרשטאַנד, און ווען זיי ווערן אָנגעווענדט אין דער פּראַקטיק, זאָלן זיי ברענגען נוצן דער מענטשהייט, אָן אומווירדיקע אויסשלוסן און אָן דערווידערלעכע אויסשליסלעכקייטן.“

דערדאַזיקער אונטעררעכט האָט נישט עקזיסטירט אין שפּאַניען און עקזיסטירט אויך נישט אָפיציעל אין די אנדערע לענדער, ווי פאַר־געשריטן זיי זאָלן נישט אויסווייזן, און ווי גרויס עס זאָלן נישט זיין אין די ביודזשעטן די סומען, וואָס זיינען באַשטימט לטובת דעם אונטער־ריכט. נאָך מער: דעמדאָזיקן אונטעררעכט וועט דער שטאַט קיינמאָל נישט געבן נישט דאָ און נישט אין קיין לאַנד אויף דער וועלט — עס קאָן נישט שטרעבן דערצו, אַז „יעדער מוח זאָל באַוועגן א ווילן“, א קערפּערשאַפט, וואָס קריסטאַליזירט אויס אין געזעצן, און וויל פאַרייביקן, אלס אויסדרוקן פונם אמת און פון דער גערעכטי־קייט, די טעותים פון איטלעכער עפּאָכע און די אינטערעסן פון די העכע־רע קאַסטן אָדער קלאַסן, און וועלכע קנעט, דעריבער, אויס די מוחות אין דער איינפאָרמיקייט פון א גלויבן און אין דער עולהדיקער צו־שטימונג צו א גזלה; דאָס הייסט, אין דער אמונה און אין דער גע־האָרכזאַמקייט.

אָבער דאָס, וואָס דער שטאַט קאָן נישט טאָן, וואָרום עס וואָלט געוועזן להיפּוך צום פונדאַמענטאַלן יסוד פון זיין עקזיסטענץ, קאָן טאָן

די גֶעזעלשאַפט. און דאָ וועל איך אָנמערקן, אַז דער שטאַט און די געזעלשאַפט, הגם פאַר אַ סך זיינען זיי סינאָנימען, זענען אין דער ווירקלעכקייט קעגנזעצלעכע ווענזס. טעאָרעטיש שטעלט מיט זיך דער שטאַט פאָר דעם סכום פאַרלייקענונגען פון די יחידימשע פרייהייטן, אָדער דעם קרבן, וואָס אַלע זיינע מיטגלידער ברענגען דורך מקריב זיין אַ טייל פון זייער פרייהייט לטובת הכלל. אין דער פּראַקטיק, קומט אַרויס אַט די דאָזיקע באַסטיאַס דעפיניציע: „דער שטאַט איז די גרויסע פיקציע, דורך וועלכער די גאַנצע וועלט זוכט צו לעבן אויפן חשבון פון דער גאַנצער וועלט", אָדער אַט די אַנדערע, רענאַנס, דעפיניציע: "דער שטאַט איז אַן אומפאַרגלייכלעכער זעלבסטהערשער, וועלכער האָט רעכטן אַנטקעגן אַלעמען, און קיינער האָט נישט קיין רעכטן אַנטקעגן אים". די געזעלשאַפט, להיפוך, איז דער נאַטירלעכער אופן עקזיסטענץ פון דער מענטשהייט; זי פירט זיך נאָך מנהגים נאָך אָדער נאָך טראַדיציאָנעלע געוואוינהייטן, אָבער נישט לויט געשריבענע געזעצן, וועלכע זיינען פון פריער אַרויפגעצוואונגען געוואָרן; זי פּראָגרעסירט לאַנגזאַם דורכן אימפּולס פון יחידימשע איניציאַטיוועס, נישט דורך דעם געדאַנק אָדער ווילן פון געזעצגעבער. די געזעצן, אונטער וועלכע זי וואַרפט זיך אונטער, זיינען די נאַטירלעכע געזעצן, וועלכע געהערן צום מהות פונם געזעלשאַפטלעכן קערפּער, פּונקט, ווי זיי זיינען אייגנטימלעך צו די פיזישע קערפּערס, יענע געזעצן וואָס די ווינשאַפט אַנטדעקט זיי און דער געזעצגעבער און רעגירער קאָנען זיי נישט אָדער גייען זיי באַרעכנטערהייט להיפוך.

ביי דעם מצב פון פּראָגרעסיווער עוואָלוציע, אין וועלכן מיר געפינען זיך, מוז דאָס, וואָס דער שטאַט וויל נישט טאָן, און די געזעלשאַפט, איבער מניעות מצד דעם שטאַט, קאָן נישט טאָן, אויפגעטאָן ווערן דורך יחידימשער איניציאַטיוו, און אַזעלכער איז אונדזער פאַל. מיר פאַרלייקענען נישט דאָס, וואָס אין אַנדערע לענדער ווערט געטאָן פאַר דעם ראַציאָנאַלן אונטעררריכט. אָבער דאָרטן נעמט דאָס רוב די איבערהאַנט יענע וועלטלעכקייט, וואָס, הגם זי באַפרייט דעם לימוד פון דער קירך, לאָזט זי אים אָבער איבער אונטערגעוואָרפן

אונטערן שטאט, און, אויב זי ווארפט ארויס פון שול דעם רעליגיעזן אפגאט, שטעלט זי אבער אוועק אויף דעם זעלביקן ארט דעם פאטריא־טישן סימוואל. מיר מוזן דעריבער אנערקענען, אז דער ריינער, טיפי־שער ראציאנאלער לימוד, וואס קאן דינען פאר א מוסטער, איז דער, וועלכער איז אוועקגעשטעלט געווארן אין דער בארסעלאנער מ א ד ע ר־נ ע ר שול, אויף פראנסיסקא פעררערס איניציאטיוו. און איך וויל דא נישט פראווען קיין פאטריאטישע גאוה און, נאך ווייניקער, קיין פערזענלעכע חניפה; איך גיי ווייטער; איך וויל ארויסברענגען, אויב מיר וועט עס געלינגען, דעם געזעלשאפטלעכן, רעוואלוציאנערן און מענטשלעכן פארנעם פונם ראציאנאלן אונטערריכט. אויף דערווייל נעם איך אויף אט דעם פאקט: אין דעם נאר וואס געענדיקטן קאמפיין "פאר פעררערן", וועלכער איז געווארן אונטערגעשטיצט פון דער אינטערנאציאנאלער פרעסע, האט מען כסדר געלייענט באשטעטיקונגען פון אייראפעאישע און אמעריקאנישע אנגעזעענע פערזענלעכקייטן, אז די בארסעלאנער מ א־ד ע ר נ ע ש ו ל איז אן אריגינעלע איניציאטיוו.

און דא פארצייכן איך דעם איצט געפייערטן נצחון, וועגן וועלכן איך האב אין אנהויב גערעדט.

די פריווילעגירטע בכלל, — שוין נישט בלויז די, וואס זייער כא־ראקטעריסטיק איז די דאגמע, נאר יענע, וואס זיינען די פאקטישע פארכא־פער פון דער געזעלשאפטלעכער עשירות, — האבן זיך צוזאמענגערעדט אנטקעגן דער מ א ד ע ר נ ע ר ש ו ל און אנטקעגן איר גרינדער, און ביי דער ערשטער געלעגנהייט זיינען זיי ארויפגעפאלן אויף ביידן מיט זייער גאנצער מאכט. און זייער מאכט האט זיך צעקלאפט אנט־קעגן דעמדאזיקן כוח, וועלכער, לפנים א נישט פארייניקטער, אן קיין שום פארבינדונג אדער ארגאנישער קאמבינירונג, אן קיין שום אנדער אויסדרוק, חוץ דעם ארטיקל אדער זשורנאליסטישער אינפארמאציע, דעם מיטינג און די רעדע, כמעט תמיד א פראדוקט פון א פערזענלעכער טע־טיקייט, און דאס אלץ, ארויסגעדריקט אין פראנצויזיש, אין דייטש, אין ענגליש, אין איטאליעניש, אין פארטוגעזיש, אין שפאניש, טאג נאך טאג, מיט וואונדערבארער באשטענדיקייט, האט געקלעקט אויף צעדריקן

און פאַרניכטן לאָיאָלאַס מאַכט. און איר ווייסט, אַז אַט די מאַכט איז אַ גוואַלטיקער פּולפּ, וואָס פאַרשפּרייט זיינע גליטשיקע און איינזאַפּנדיקע לאַפּעס איבער דער גאַנצער וועלט. עס האָבן זיך, בכן, געביטן די ראָלן: מיר זיינען שוין שטאַרק דורך דער פאַרנונפט און גערעכטיקייט; זיי זיינען שוואַכע צוליב דער אומגערעכטיקייט און סאָפיזם.

מיט פערדערס באַפרייאונג באַקומט אַ גרעסערן גלאַנץ דער ראַציאָנאַלער אונטערריכט, וואָס שטראַלט איצט אַרויס פון באַרסעלאָנאַ איבער דער גאַנצער וועלט, און וועט מוזן אומעטום אָנגענומען ווערן. מיטן אָפּזאָגן בעסעררא דעל טאָראס פּעטיציע, הויבט זיך אָן דאָס פולשטענדיקע אָפּטיילן די קינדהייט פון דער אמונה אין דער דאָגמע, פון דעם יאָך פון איטלעכער טיראַניי, פונם צביעותדיקן קאָנווענציאָנאַליזם, וואָס שטעלט די פיקציע איבער דער ווירקלעכקייט, און עס ווערן געשאַפן דיראָזיקע פון פאַרורטיילן פרייע און באַוואוסטזיניקע דורות, וואָס וועלן דערהויבן די מענטשהייט.

יענע באַפרייאונג און יענער אָפּזאָג באַטייטן דעם סוף פון אַן עוואָלוציע אין דעם אָנהויב פון אַ נייער צייט. איך האַלט זיי אפילו פאַר באַדייטונגספולער, ווי אַנדערע היסטאָרישע געשעענישן, וועלכע מען האָט אַנגערופן רעוואָלוציאָנערע. צוליב זיי ווערט דער אונטערריכט אַ באמת געזעלשאַפטלעכע פונקציע. ביז היינט האָט דער אונטערריכט אָדער געהערט צו דער קירך, וועלכע האָט, לויט באַקונינס אַ געלינגענעם אויסדרוק, געוואָלט מאַכן פונם מענטשן אַ הייליקן, אָדער צום שטאַט, וועלכער האָט פון איהם געוואָלט מאַכן אַ בירגער, און יעדערער פון זיי האָט דעם שילער געפורעמט אין זיין סדום־בעטל. איצט וועט דער לימוד זיין דער נאַטירלעכער פאַקט פון געבן די קינדער, וועלכע וועלן, ווי דער המשך פון די פאַרגאַנגענע און פאַרגענגלעכע דורות, בילדן די קומענדיקע מענטשהייט, זייער חלק אין דעם אוצר פון מענטשלעכן וויסן. דאָס איז דער איבעררייס מיטן עקזאָטעריזם, אָדער מיט דער אמונה פאַר די עמי־הארצים, פאַר יענע, וועגן וועלכע מען האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף האָבן אַ גאָט פאַרן המון, און אַלעמענס אַריינטריט אינם עקזאָטעריזם, אָדער

אין דער דאָקטרין, וועלכע איז ביז איצט געהאַלטן געוואָרן בסוד לטובת די מעכטיקע.

איר, ראַציאָנאַליסטישע לערער, זיינט די באַרופענע דורכצופירן דעם אָנהויב פון אַ רעכטפאַרטיקן די געזעלשאַפט, וואָס וועט זיך נישט אָפּשטעלן ביז די גאַנצע וועלט-וועט נישט קאָנען אויסנוצן דעם אוניווערסאַלן פאַרמעגן, וועלכער איז צוזאַמענגעשטעלט פון די נאַטירלעכע גיטער און פון די דעראָבערטע דורך אַלע די, וואָס, אָן אונטערשיד פון לאַנד און איבער אַלע עפּאָכעס, האָבן זיי, באַאָבאַכט, געלערנט, געדענקט און געאַרבעט ביז עס איז געשאַפן געוואָרן אָט דאָס רייכטום, מיט וועלכן עס וואָלט געקאָנט לעבן אין צופרידנקייט און רחבות אַ מענטשהייט מיט אַ דרייפאַכער צאָל איינוואוינער.

איר וועט דאַרפן עמאַנציפּירן און פאַראַלגעמיינען דעם לימוד, וועלכער דאַרף נישט זיין, ווי ביז איצט, קיין צוכט פון נאַרישע גלויביקע, אָדער אַ צאַם-פּלאַץ אויף צו צאַמען ווידערשפּעניקע ענערגיעס, אָדער אַן אינדוסטריעלער געשעפט אויף אַרויסצוקריגן רוחים פונם מיסטיפיצירן אינטעלעקטן. — איר זיינט באַרופן אוועקצושטעלן יענעם אמתן גלייכגעוויכט צווישן דעם, וואָס מען גלויבט, און דעם, וואָס מען ווייס, און מיט דערדאָזיקער לויבנסווירדיקער אויפגאַבע וועט איר געבן דער געזעלשאַפט יענעם פעסטן יסוד, וואָס מען האָט ביז איצט אומזיסט געזוכט.

אַ שיינע מיסיע האָט איר; נישטאָ שוין קיין אַנדערע אויף דער וועלט, וואָס זאָל זי איבערשטייגן. אין דער צייט, וואָס די רעשטלעך פון דער פריווילעגיע שטעלן צוזאַמען אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכן אויף צו פאַרזיכערן זיך קעגן די באַנייער, פאַרפעסטיקן זייער געזעצגעבונג מיט אויסנאַמס-געזעצן אויף צו פאַרפאָלגן די רעוואָלוציאָנערן, שאַפן איין פאַר זייערע אַרמייען נייע און מעכטיקערע צעשטערונגס - מכשירים, טראַכטן אויס נייע סאָפיזמען אויף צו באַרעכטיקן זיך, — אין אָט דער צייט זיינט איר דאָ אויף צו צעשטערן אטאַוויזמען, לערנען אמתן, בילדן כאַראַקטערס, נישט דערלאָזן אויסצובילדן סעקטאַנטישע און אומבאַוואוסטזיניקע מאַסן און מאַכן פון איטלעכן מאַן און פון איטלעכער פרוי אַ דענ־

קענדיקן און אקטיוון וועזן, מיט א פּאָזיטיוון און גלייכן ווערט, איבער וועל־כן עס זאָל זיך נישט קאָנען אויפהאַלטן קיין פאַלשער פּרעסטיזש און קיין אומנויטיקע אויטאָריטעט, אַזוי, אַז די גערעכטיקייט אין די מענטש־לעכע באַציאונגען זאָל זיין א פּשוטער און פּראַקטישער פועל־יוצא פון די מנהגים.

אויף אָנצופירן ווייטער אייער אַרבעט זאָלט איר זיך נישט אומ־קוקן צו די מעכטיקע, מחמת זיי זיינען מעכטיק, וואָרום זיי וועלן זיין אייע־רע הויפּט־שונאים, הגם איך מיין נישט דערמיט צו פאַרלייקענען, אַז איר קאָנט צווישן זיי געפונען יחידימשע מיטהעלפער: דאָס באַווייזט אויס־געצייכנט די איניציאַטיוו פונם גרינדער פון דער מ אָ ד ע ר נ ע ר ש ו ל. באַמיט זיך צו פאַרינטערעסירן דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז היינט דער איינגנטלעך פּראָגרעסיווער געזעלשאַפטלעכער קלאַס, וואָרום, להיפּוך צום געזעלשאַפטלעכן, עשירות ־ פאַרכאַפּנדיקן בירגערטום, לעבט דער פּראָלעטאַריאַט אין שקלאַפערייַ און אין נויט און פאַרמאָגט זיינע גיטער אין דער צוקונפט, און איר זיינט די הויפּט־צושטעלער פון יענע גיטער.

אויב איר וועט אַזוי פאַרשטיין אייער מיסיע, און אויב איר וועט דורך איר אַנטוויקלען אייערע כוחות, וועלכע וועלן דערמוטיקט ווערן פונם אויפמונטערנדיקן ענטוזיאַזם און מיט דער הילף פון דער מעכטיקער באַ־שטענדיקייט, וועט אייך פאַרטרויט ווערן דאָס דורכפירן יענעם דערהויי־בענעם אידעאַל, וואָס איז אויסגעדריקט געוואָרן דורך פּ י א י מ א ר ־ ג א ל ם מעכטיקער אינטעליגענץ:

"דער מענטש איז נישט פאַרורטיילט געוואָרן אויף צו ליידן אייביק פון זיינע צרות. זיין שכל פאַרטרייבט טאָג ־ טעגלעך די נעפּלען, וועלכע פאַרפינצטערן און צעמישן אים, זיין ווילן ווערט בעסער באַשטימט, זיין פרייהייט ווערט דערצויגן. עס וועט קומען, אָן ספק, די צייט, ווען עס וועט שוין באַוואוסט זיין דאָס געזעץ פון דער מענטשהייט, און דעם מענטשנס באַציאונגען וועלן גיין אין פולקאָמען הסכם מיט דעם גורל פון זיין ראַסע. די פרייהייט און די פאַטאַליטעט וועלן דעמאָלט זיין אידענטיש, עס וועלן נישט זיין קיין סיבות פאַר קיין קאַמפּן, און אָן אומפאַרגענג־

לעכער פרידנס־אָרעאַל וועט באַשיינען שוין דעם קינדם פּנים, ווען ער וועט אַראָפּשפּרינגען פון זיין מוטערס ברוסט.״

---

אין יוני 1908 י., ווען פּעררער האָט זיך געפונען אויף דאַטשע אין אַמעלי־לע־בען, האָט ער מיך איינגעלאַדן, איך זאָל אים באַגלייטן. איך האָב מיט פאַרגעניגן צוגעשטימט, און אין דער רואיקייט פון יענעם פּרעכטיקן ווינקל אין די פּירינייען, אין דעם אָפּרו, וואָס פּעררער האָט נויטיג געהאַט נאָך אַ סך יאָרן פון אומאויפהערלעכער טעטיקייט און איין יאָר תפיסה און מורראַדיקער געפאַר, האָט ער דערמאָנט דאָס דורכגעמאַכטע אויפן וועג צום פּראָגרעס, און מיר האָבן דורכגעטראַכט פּלענער, ווי אַזוי פאָרצוזעצן די אַרבעט, אויסנוצנדיג די לעקציעס פון דער דערפאַרונג.

דאָרטן האָט פּעררער באַשלאָסן, כדי צו מאַכן אַ סוף צו אַלע פאַנטאַסטישע מיינונגען פון פריינט און קעגנער וועגן דער באַדייטונג פון דער מאָדערנער שול, וואָס זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרען אין משך פונם קאַמפּיין פאַר זיין באַפרייאונג, צו אָנשרייבן אַ דערקלערנדיקן באַריכט, וועלכער זאָל פאַרעפענטלעכט ווערן אין דער שפּאַנישער און פראַנצויזישער פּרעסע און זאָל קלאָר און שאַרף באַשטימען דעם באַגריף, די אָנווענדונג און דעם פאַרנעם פונם ראַציאָנאַליסטישן אונטערריכט.

אויף דורכצופירן זיין אויפגאַבע האָט ער געבעטן מיין מיטאַרבעטערשאַפט, און אין יענעם שיינעם אָאַזיס, געניסנדיק פון אַ קורצן שטילשטאַנד אין קאַמף פאַרן פּראָגרעס, פאַר דאָס גוטע, פאַר דער גערעכטיקייט, אין דער שלוהדיקייט פון אַ גלענצנדן פּייזאַזש, אינם געַנוס פון אַראָמאַטישע ווינטלעך און האַרמאָנישן מורמלען פון פויגל און אינזעקטן ביים ברעג פון אַ טייכל, האָט פּעררער אָנגעשריבן די פאַרליגנדיקע דערקלערונג.

ווייל אָט די דערקלערונג איז זיינע, און ווייל זי איז איבערגעחזרט און באַשטעטיקט געוואָרן אין אַ טראַגישער און געהויבענער שעה אין מאָנטכואיטש, פּנים אל פּנים מיט זיינע הענקער, פאַרריכט זי טעותים, באַשטעטיקט אמתן און קאָן דינען פאַר אַ וועגווייזער פאַר די פאָרזעצער פון

דער דערלייזנדיקער, עמאַנציפּירנדיקער און מענטשהייט־באַפרייענדיקער איניציאַטיוו.

אין יענער סביבה, אין פערערס אַנוועזנהייט און הערנדיק זיין אין גרויסמוטיקסטן אַלטרואיזם אינספּירירטן וואָרט, האָב איך געפילט יענע עמאָציעס, וועלכע דערהויבן דאָס געפיל און דעם געדאַנק, און אין דער צייט, וואָס ער האָט סקיצירט זיין ב א ר י כ ט , האָב איך אָנגעשריבן די פאָלגנדיקע שורות. איך האָב מיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז זיי וועלן זיך דרוקן אין דער הקדמה צו פערערס נאָכגעבליבענעם ווערק.

## די מאָדערנע שול

עס איז פאַראַן אַ נאַטירלעכער אוצר, וואָס די מענטשן האָבן צו אים גאָרנישט בייגעטראָגן, און עס איז פאַראַן נאָך אַ קינסטלעכער אוצר, וואָס האָט זיך צוזאַמענגעקליבן מיט דער מיטהילף פון די באַאַמבאַכטער, דענקער און אַרבעטער פון אַלע צייטן און פון אַלע לענדער.

צוליב דער עקזיסטענץ פון יענעם נאַטירלעכן אוצר לעבן די מענטשן, צוליב דער צוזאַמענקלייבונג פון יענעם קינסטלעכן אוצר לעבט די מענטשהייט. ווארום עס איז באַשיינפערלעך, אַז אָן די נויטיקע און אפילו איבער־פליסיקע וויטאַליטעטס־תנאים, וואָלטן די נידעריקערע מינים נישט געווען עוואָלוציאָנירט ביז אויסצובילדן דעם מענטשלעכן אָרגאַניזם, און דאָס אויסנוצן דעם איבערפלוס וואָלט נישט געווען געשאַפן די וויסנשאַפט, די קונסט און די אינדוסטריע דורך צונויפזאַמלען דאָס וויסן, דאָס וועלן און קאָנען פון אַלעמען אויף אַזאַן אופן, אַז עס זאָל געגרינדעט ווערן די מענטש־הייט דורך אננעמען די סאָלידאַריטעט.

אויב אָט די אוצרות זיינען נישט באַשאַפן געוואָרן פון אונדזער מין און נישט פון דעם איצטיקן דור, איז קלאָר, אַז דאָס יחידימשע פאַרייגענען, דאָס איבערגעגעבן בירושה און דאָס געניסן אַלע דערפון פאָלגנדיקע יתרונות מצד אַ געוויסער צאָל פּריווילעגירטע, אויסשליסנדיק אָן אנדער אומענד־

לעך גרעסערע צאל, וועלכע פארבלייבן עלנט, אומוויסנדיק און פארוואָר־לאָזט, איז נישט באַזירט אויף קיין רעכט, איז אַן אבסורד, אַ גזלה.

אזוי איז עס: לאמיר נישט זוכן קיין שולדיקע און קיין פאראנטווארט־לעכע; לאמיר נישט צושטעלן קיין פוסטע צופרידנשטעלונג פאר אונדזער געפיל דורך אויסזוכן אַ שונא, צו וועמען אויסצולאזן אונדזערע טענות אדער וועמען צו פארניכטן מיט אונדזער כעס. די גרויסע נאטירלעכע עשירות און די נישט קלענערע געזעלשאפטלעכע עשירות, וואָס בילדן צו־זאמען דעם פארמעגן פון דערדאזיקער גרויסער סאלידאריזירטער מאסע, וואָס הייסט מענטשהייט, ווערן אויף דער וועלט אוזורפירט פון אַ רעלאַטיוו קליינער מענגע פריווילעגירטע, פון דעם בראמאן ביז דעם בירגער, לרעה פון אלע עקספלאָטירטע און אונטערדריקטע אויף דער וועלט, פון דעם פארמער ביז דעם פראלעטאַריאַט, און זיי קריגן די נעמען פון דידאזיקע היסטאָרישע קלאסן, ווי אַ פארקערפערונג פון אלע מער אדער ווייניקער באקאנטע אומגלייכהייטן, וואָס האָבן עקזיסטירט צווישן די מענטשן.

אַ מענטשלעך ווערק איז אָט דער דואליזם, וועלכער ברענגט אונדז אזוי פיל שאדן, אַ מענטשלעך ווערק דארף אויך זיין דער אויסבעסערנדיקער מאָניזם, וועלכער וועט אונדז ברענגען גליק.

איידער די געזעצגעבער האבן קאָדיפיצירט די אומגערעכטיקייט און לעגאליזירט דעם אייגנטימערס פארכאפונג און דאס בארויבן די נידעריקע קלאסן, האבן די גלחים פארהייליקט די אומוויסנקייט מיטן עקזאָטעריזם, און מיטן עזאָטיריזם פארהאלטן פאר זיך די פריווילעגיע צו וויסן. אזוי איז באשאפן געווארן דער אנטיסאָלידארישער אבסורד, וואס דאס איז דער דואליזם, וועלכער צעטיילט אונדז און איז גורם דעם אינטערעסן־אנטאגאָ־ניזם, וועלכער גראבט אונטער די ג ע ז ע ל ש א פ ט.

די וויסנשאפט, די שטענדיקע פּאָרלויפערין, אזוי ווי דער געדאנק, וועלכער גייט שטענדיק פאָרויס פאַרן טאט, ווי דער באשטימער פונם ווילן, האָט מיט איר אייגענער מאכט אריבערגעטראטן די סודות און מיס־טעריעס פון דער סמיכה. דערווייל איז זי אריבער פונם טעמפל, וואו עס האבן זי אוזורפירט די גלחים, צום אוניווערזיטעט, וואו עס אוזורפירן זי די

בירגער. אבער, דעם סימוואָל אויסגעטייטשט, דעם מיט פּאַרטריבן און אַראָפּגעוואָרפן דעם גײַסט, די לעצטע באַהעלטעניש פון דער עקזאַטערישער אומגערעכטיקייט, וועט די וויסנשאַפט נישט בלייבן שטיין אין אוניווער־זיטעט — זי גייט אַריבער אין דער ראַציאָנאַלער שול, דעם אמתן און פאַ־זיטיוון אוניווערזיטעט, וואו מען וועט אַלעמען, מענער און פרויען, לערנען די וויסנשאַפט פון לעבן, וואו דער קלאַס־צימער וועט זיין די נאַטור מיט איר גאַנצן אומענדלעכן פאַרנעם, און וואו דער לימוד וועט אַרומנעמען אַלע אויסדרוקן פון דעם מענטשנס וויסן און מאַכט.

כדי צו קאָנדענסירן אין אַן אַרויסגאַנגס־פּונקט דעם נייעם פרייען וועג, וואָס די מענטשהייט האָט אונטערגענומען, איז געבאָרן געוואָרן די מאָ־דערנע שול.

אַנסעלמאָ לאָרענסאָ.



# קראָפּאָטקינס אַ בריוו צו פראַנסיסקאָ פעררער

ה' דאָן פראַנסיסקאָ פעררער.

ליבער חבר און פריינט:

איך זע מיט פארגעניגן, אז איר טרעט צו ארויסצוגעבן דעם L'Ecole Rénovée און מיר טוט לייד, וואס איך קאָן דערדאַזיקער שריפט נישט געבן די גאנצע שטיצע, וואס איך באגער איר צו געבן.

אלץ דארף נאָך ערשט געטון ווערן אין דער היינטיקער שול. קודם־כל, די אייגנטלעכע דערציאונג: דאס הייסט, דאס אויסבילדן דאס מאראלישע וועזן, איך מיין, דעם אקטיוון אינדיווידו, דעם איניציאַטיוו־רייכן, אונטער־נעמעריש, בראַוון און פרייען פון יענער געדאַנקען־פּחדנות, וואס כאראַק־טעריזירט דעם אין אונדזער עפּאָכע דערצויגענעם מענטשן, — און אין דערזעלביקער צייט, דעם געזעלשאפטלעכן, גלייכהייטלעכן, מיט א קאמוניסטישן אינסטינקט, וועלכער זאל זיין בכוח צו פילן זיין איינ־הייט מיט אלע מענטשן פונם אוניווערזום, און זאל דעריבער זיין אויסגע־שיילט פון אלע פארורטיילן — רעליגיעזע, אינדיווידואליסטישע, אויטאָ־ריטערע, א. א. וו. — וואָס די שול פלאנצט אין אונדז איין.

קיין שום ספק נישט, אז אין דעם אלעמען וועט זיך די ארבעט פון דער שלמותדיקסטער שול שטענדיק אנשטויסן אויף מניעות, כל זמן די פאמיליע און די געזעלשאפט וועלן ווירקן אין להיפוכדיקע ריכטונגען. אבער די שול מוז זיך ווערן אנטקעגן אט די צוויי פאקטאָרן; און זי קאָן עס טאָן, דורך דער פערזענלעכער השפעה פון די לערער און מיטן אופן פון לערנען.

צוליב דעם דאַרף מען באַשײנפּערלעך שאַפן ביסלעכװײַז נײַע עקס־פּאָזן פון אַלע װיסנשאַפטן: קאָנקרעטע, אַנשטאָט די איצטערדיקע מעטאַ־פיזישע טראַקטאַטן, געזעלשאַפטלעכע, — „אַסאָציאַניסטישע", זאָל מיר דערלויבט װערן דאָס װאָרט, — אויפן אָרט פון די אינדיװידואַליסטישע, און „פּאָפּוליסטישע" אָפּהאַנדלונגען, װעלכע װערן געמאַכט פונם פּ א ל ק ס שטאַנדפּונקט, אַנשטאָט דעם פון די באַלעבאַטישע קלאַסן, װאָס דאָס איז דער שטאַנדפּונקט, װעלכער הערשט אין דער גאַנצער הײַנטיקער װיסנ־שאַפט און, דער עיקר, אין די טעקסט־ביכער.

בנוגע געשיכטע און סאָציאַלער עקאָנאָמיע, איז דאָס באַשײנפּער־לעך, — קײנער צװײפלט נישט אין דעם. אָבער דאָסזעלביקע קומט פּאָר בנוגע אַלע װיסנשאַפטן: ביאָלאָגיע, פיזיאָלאָגיע פון בעלי־חיים בכלל, פּסי־כאָלאָגיע און, אפילו, בנוגע די פיזישע און מאַטעמאַטישע װיסנשאַפטן. נעמט, למשל, אַסטראָנאָמיע: סאַראַ חילוק עס איז, װען מען לערנט די־דאָזיקע װיסנשאַפט פון געאָצענטרישן שטאַנדפּונקט, אין פאַרגלײַך מיט די רעזולטאַטן, װאָס באַקומען זיך, װען מען באַגרײַפט און מען לערנט זי פון העליאָצענטרישן שטאַנדפּונקט, און לגבי דעם, װאָס די אַסטראָנאָמיע װעט זײַן, װען מען װעט זי לערנען פון שטאַנדפּונקט פון די אומענדלעך קלײנע, װעלכע באַװעגן זיך אין רוים, װאָס זײערע צוזאַמענשטויסן אין אומענדלעכע צאָלן שאַפן לסוף די הימלישע האַרמאָניעס! אָדער נעמט די מאַטעמאַטיק, װען מען לערנט זי, װי פּשוטע לאָגישע רעדוקציעס, פון צײכנס, װאָס האָבן פאַרלאָרן זײער אורשפּרינגלעכן זינען און זײַנען נישט מער, װי צײכנס, װעלכע מען באַהאַנדלט, װי ענטיטעטן, און דיזעלביקע מאַטעמאַטיק װערט געלערנט, װי פאַראײנפאַכטע אויסדרוקן פון פאַקטן, װעלכע זײַנען דאָס אומענדלעכע און אומענדלעך־זיך־בײַטנדיקע לעבן פון דער נאַטור גופא. אײַביק װעל איך נישט פאַרגעסן דעם אופן, װי אונדזער גרויסער מאַטעמאַטיקער ט ש ע ב י ש ע װ פלעגט אונדז לערנען אין פּעטערבורגער אוניװערזיטעט די אינטעגראַלן. זײַנע אינטעגראַלן, — װען ער פלעגט, בײַם שרײַבן די אָפּגעמאַכטע צײכנס, זאָגן: „אַז מיר װעלן נע־מען, אין אַזעלכע גרענעצן, דעם חיבור פון אַלע אומענדלעך קלײנע װאַ־ריאַציעס, װאָס די דרײַ דימענזיעס פון אַזאַ פיזישן קערפּער קאָנען דורכ־

מאכן, אונטערן איינפלוס פון אזעלכע כוחות", — זיינע אינטעגראלן, ווען ער פלעגט אזוי ריידן, פלעגן זיין לעבעדיקע צייכנס פון אין דער נאטור לעבנדיקע זאכן; בעת פאר אנדערע פראפעסאָרן פלעגן דיזעלביקע צייכנס זיין א טויטער מעטאפיזישער שטאָף, און האָבן נישט פארמאגט קיין שום רעאלן זינען.

גוט, דער לימוד פון אלע וויסנשאפטן, פון די אבסטראקטסטע ביז די סאציאלאגישע און עקאָנאָמישע וויסנשאפטן און די פיזיאָלאָגישע פסיכאָלאָגיע פונם יחיד און פון די מאסן, מוז איבערגעבויט ווערן, כדי זיך צו שטעלן אויף יענעם ניוואָ, וואס די היינטיקע וויסנשאפט גופא איז מחייב.
די וויסנשאפטן האבן דורכגעמאכט אן אומגעהויערן פראגרעס פארן לעצטן האלבן יארהונדערט, אבער דער לימוד פון דיזעלביקע וויסנשאפטן איז נישט נאכגעגאנגען יענעם פראגרעס.

דער לימוד מוז גיין מיטן זעלביקן טעמפ, וואס די וויסנשאפט — פון איין זייט, כדי די בילדונג זאל נישט זיין קיין שטער פארן אינדיווידס אנטוויקלונג, און, אויך דערפאר, ווייל דער ציקל פון דער, אין איצטיקן מאָמענט נויטיקער, בילדונג איז אויף אזוי פיל ברייטער געווארן, אז מיט אלעמענס אנשטרענגונגען מוז מען אויסארבעטן די מעטאָדן, וואָס זאָלן דערלויבן די עקאָנאָמיע אין כוחות און צייט, וואָס מען דארף האָבן אויף צו דערווערבן זיך די היינט נויטיקע ידיעות. אין אנדערע צייטן, פלעגן שטודירן די, וועלכע האבן געוואלט זיין גלחים, געלערנטע, אדער רעגירער, און זיי פלעגן זיך נישט אָפּשטעלן פאר פארווענדן אויף דעם צען אדער פופצן יאָר. איצט וויל די גאנצע וועלט לערנען, וויסן. און דער פראָדוצירער פון די רייכטימער, דער ארבעטער, איז דער ערשטער צו פארלאנגען עס פאר זיך. איז גוט: ער קאן לערנען, ער דארף וויסן.
עס טאָר נישט איבערבלייבן קיין איין מענטש, וועמען דאס וויסן — נישט דאָס אויבערפלעכלעכע האלב־וויסן, נאָר דאָס אמתע וויסן — מעג פארווערט ווערן איבער דוחק אין צייט.

היינט קאָנען מיר, א דאנק די אומדערהערטע פראגרעסן פונם 19־טן י. ה., פראדוצירן אלץ, אלץ, וואס איז נאָר נויטיק אויף צו פארזיכערן דאס

וואוילזיין פאר אלעמען. און אין דערזעלביקער צייט קאנען מיר אלעמען געבן דעם נענוס פון אמתן וויסן.

אבער אויף דעם מוז מען רעפארמירן די אונטערריכטס־מעטאָדן. אין אונדזער היינטיקער שול, וועלכע איז אויסגעפורעמט אויף צו שאפן די אריסטאָקראטיע פון וויסן, און, וועלכע ווערט ביז איצט אנגע־פירט דורך דערזעלביקער אריסטאָקראטיע, אונטער דער אויפזיכט פון די גלחים, איז די צייט־פארלוסט קאָלאָסאל, אבסורד. אין די ענגלישע מיטל־שולן ווערט צו דער צייט אויף צו דערלערנען מאטעמאטיק צוגעגעבן צוויי יאָר פאר די איבונגען אין יארדן, פוירטשעס, מײלן, בושלס, און אנדערע ענגלישע מאָסן. אומעטום איז די געשיכטע אין שול פארלאָרענע צייט אויף אויסצולערנען נעמען, פאר די קינדער אומפארשטענדלעכע געזעצן, מלחמות, קאָנווענציאָנעלע ליגנס... און אין איטלעכן צווייג דערגרייכט די צייט־אויסברענגעריי צו שענדלעכע פראָפאָרצן.

אויף לעצט וועט מען מוזן אנקומען צום אינטעגראלן לימוד: צו יענעם לימוד, וואס, דורך איבן די האנט אויף האָלץ, שטיין און מעטאלן, רעדט ער צום מוח און העלפט דעם מוח זיך אנט־וויקלען. מען וועט דערגיין ביז אויסלערנען אלעמען דעם יסוד פון אלע מלאכות אזוי ווי פון אלע מא־שינען, דורך ארבעטן (נאָך געוויסע שוין אויסגעארבעטע מעטאָדן נאָך) אויף דער באנק און אויף דער שרויף־מאשין, דורך מאָדעלירן דעם רוי־מאטעריאל, מאכנדיק אליין די פונדאמענטאלע טיילן פון אלע זאכן און מאשינען, דאס גלייכן, ווי די איינפאכע מאשינען און קראפט־טראנסמי־סיעס, צו וועלכע עס ווערן רעדוצירט אלע מאשינען.

מען וועט מוזן דערגיין ביז אינטעגרירן די האנט־ארבעט מיט דער מוח־ארבעט, ווי פוריע און דער אינטערנאציאנאל האבן עס שוין געפרעדיקט, און וואָס ווערט שוין אין אייניקע שולן פארווירקלעכט, דער עיקר, אין די פאראייניקטע שטאטן. דע־מאלט וועט מען זען די אומגעהויערע צייט־עקאָנאָמיע, וועלכע מען וועט

באקומען מיט די יונגע מוחות, וואָס וועלן אנטוויקלט ווערן באגלייך דורך דער האנט־און מוח־ארבעט. אויף אָט דעם אופן, ווען מען וועט ווענן דעם טראכטן ערנסט, וועט געפונען ווערן דער מיטל אויף צו עקאָנאָמיזירן די צייט אין גאנצן לימוד.

דאס קולטיור־פעלד אין לימוד איז אזוי שטחדיק, אז עס פאדערט זיך די מיטהילף פון אלע מוחות, וועלכע זיינען פריי פון די נעפלען פון עבר און נענויגט צום עתיד. אלע וועלן אויף דעם פעלד געפינען א ריזיקע אויפ־גאבע צום פארווירקלעכן.

מיינע פלאמיקסטע וואונטשן, אייער L'Ecole Rénovée זאל האָבן דערפאלג.

ברידערלעכע גרוסן

פ. קראָפּאָטקין.



I

# אריינפירנדיקע דערקלערונג

מיין אנטייל אין די פּאָליטישע קאמפן פון סוף פארגאנגענעם יאָרהונ־דערט האָט געבראכט מיינע איבערצייגונגען צו א נסיון.

איך בין געווען א רעוואלוציאָנער, וואָס האָט געשעפּט זיין באגייס־טערונג פון דעם גערעכטיקייטס־אידעאל. איך האב געדענקט, אז די פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט זיינען דער לאָגישער און זיכערער קאָררעלאט צו דער רעפּובליק. אונטער דער שליטה פון דעם אלגעמיין אנ־גענומענעם פּאָרורטייל, האב איך נישט געזען קיין אנדער מיטל צו דער־גרייכן יענעם אידעאל חוץ דער פּאָליטישער טעטיקייט, וואָס זאל פּאָרלויפן דעם איבערבייט פון רעגירונגס־רעזשים. בכן האָב איך זיך אריינגעוואָרפן אין דער רעפּובליקאנישער פּאָליטיק.

צוליב מיין פארבינדונג מיט דאָן מאנועל רואיס סאָררילא, וואָס וואָלט זיך געמעגט רעכענען פאר א מיטל־פּונקט פון רעוואלוציאָנערער טע־טיקייט, בין איך געקומען אין בארירונג מיט פיל שפּאנישע רעוואלוציאָנערן און מיט א סך פראנצויזישע רעפּובליקאנער, און די באציאונגען מיט זיי האָבן מיר פארשאפט א גרויסע אנטוישונג. ביי א סך האָב איך געזען צבועיש פארשטעלטע עגאָיזמען. ביי אנדערע, וואָס איך האב אנערקענט פאר אויפריכטיקערע, האב איך געטראָפן בלויז מאָגערע אידעאלן. ביי קיינעם האָב איך נישט באמערקט דעם ווילן דורכצופירן א ראדיקאלן אי־בערבייט, וואָס זאל זיך דערגרונטעווען ביז צו די טיפענישן פון די סיבות

און דאריבער ערוב זיין פאר א פולקאָמער נעזעלשאפטלעכער דערלייזונג.

מיין דערפאַרונג פאר דעם משך פון די פופצן יאר, וואָס איך האב געוואוינט אין פאריזש, וואו איך האב בייגעוואוינט עטלעכע קריזיסן, ווי דעם בולאנזשיזם, דעם דרייפוסיזם און דעם נאציאנאליזם, וואָס האָבן געשטעלט די רעפובליק אין אן ערנסטער סכנה, האָט מיר איבערצייגט, אז די פראבלעם פאלקס־דערציאונג איז נאָך נישט געלייזט געוואָרן אפילו אין פראנקרייך. וויניקער נאָך האָט מען געקאנט דערוואַרטן, אז דער שפאנישער רעפובליקאניזם זאָל פאַרענטפֿערן אָט די שאלה, וויבאַלד, אז דערזיקער האָט, צום באַדויערן, שטענדיג ארויסגעוויזן א פולשטענדיקע איגנאַראַנץ בנוגע דער קאַפּיטאלער וויכטיקייט פון דעם דערציאונגס־וועזן פאר א פאָלק.

שטעלט זיך פאָר, וואָס דער איצטיקער דור וואָלט געקאָנט זיין, ווען די שפאניש־רעפובליקאנישע פארטיי וואָלט, זינט רואיס סאָררילא איז פארטריבן געוואָרן פון לאנד, זיך אפּגעגעבן מיט גרינדן ראציאָנאַליסטישע שולן ביי איטלעכן קאָמיטעט, ביי איטלעכן פריידענקערישן ווינקל אָדער ביי איטלעכן מאסאָנישן לאָדזש. ווען די פרעזידענטן, סעקרעטאַרן און וואָקאַלן פון די קאָמיטעטן וואָלטן אקטיוו געארבעט פאר דער פאָלקס־בילדונג, אָנשטאָט צו זאָרגן זיך וועגן די אמטן, וואס זיי זאָלן פארנעמען אין דער קינפטיקער רעפובליק, — סאראן ארבעט עס וואָלט שוין געווען אפגעטאָן פאר דעם משך פון די דרייסיק יאָר אין די קינדער־שולן און אין די אָוונט־קורסן פאר דערוואַקסענע!

וואָלט זיך דערמאָלט דאָס פאָלק באַגנוגנט מיט שיקן דעפּוטאַטן צום פארלאמענט, וואס זאָלן אָננעמען אן אסאָציאַציע־געזעץ, וואס איז צונעשטעלט געוואָרן פון מאָנארכיסטן?

וואָלט זיך דאָס פאלק באשרענקט אויף מאכן אויפשטאנדן צוליב דעם יקרות אויף ברויט, און נישט רעוואָלטירט קעגן דעם, וואָס די ארבעטער זיינען געצוואונגען איינצושרומפן זייערע עלעמענטארע הצטרכותן אום כדי די פון פרעמדער ארבעט רייך געוואָרענע זאָלן קאָנען נעניסן פון איבערפליסיקער רחבות?

וואָלט דערמאָלט דאָס פאָלק געמאכט בלוט־אָרעמע רעוואָלטן קעגן די

שטייערן אויף לעבנס־מיטלען אַנשטאָט צו אָרגאַניזירן זיך אויף אָפּצושאַפן אַלע טיראַנישע פּריווילעגיעס?

צוליב מיין באַשעפטיקונג אַלס לערער פון שפּאַנישער שפּראַך אין דעם פּילאָטערנישן פאַרבאַנד און אין דעם פראַנצויזישן ג.׃ אָ.׃, בין איך געקומען אין באַרירונג מיט מענטשן פון אַלערליי קלאַסן, סיי לויט זייער אייגענעם מהות און סיי לויט זייער סאָציאַלן שטאַנד. און ווען איך האָב זיי באַטראַכט פונם שטאַנדפּונקט, וואָס זיי זאָגן צו בנוגע ווירקן אין דעם גרויסן צוזאַמענשטעל פון דער מענטשהייט, האָב איך בלויז געזען מענטשן, וואָס זיינען להוט אַרויסצוקריגן דעם מעגלעכסט בעסטן חלק פון לעבן אין אינדיווידועלן זינען: אייניקע האָבן געלערנט די שפּאַנישע שפּראַך אויף צו דערווערבן זיך אַ פּאָרשריט אין זייער פּראָפעסיע, אַנדערע, אויף צו שטודירן די שפּאַנישע ליטעראַטור און זיך משלים זיין אין זייער באַרוף, און אַ טייל, אַפילו כדי צו פאַרגרעסערן זייערע פאַרגעניגנס ביים רייזן איבער די לענדער, וואו דידאַקטיש שפּראַך ווערט באַנוצט.

קיינעם האָט נישט שאָקירט דער גוואַלטיקער אַבסורד, וואָס שטעקט אין דער סתירה צווישן דעם, וואָס מען גלויבט און דעם, וואָס מען ווייס. און קיינער האָט זיך נישט געזאָרגט מכוח שאַפן פאַר דער מענטשלעכער סאָלידאַריטעט אַזא שכלדיקן און געדעכטן אויסדרוק, וואָס זאָל געבן אַלע לעבעדיקע אין איטלעכן דור דעם אַנטשפּרעכנדיקן אָנטייל אין דעם פאַר־מעגן, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך די פריערדיקע דורות.

איך האָב געזען דעם פּראָגרעס אַן איבערגעלאָזטן צו אַ מין פאַטאַלי־טעט, וואָס איז אומאָפּהענגיק פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש און גוטסקייט און איז געווענדט אָן צופאַלן און צופעליקייטן, ביי וועלכע די ווירקונג פון מענטשלעכן געוויסן און ענערגיע שפּילט נישט קיין ראָליע. דער אינדיווידו, וואָס איז אויסגעבילדעט געוואָרן אין דער פאַמיליע מיט אירע אומגעצוימטע אַטאַוויזמען, מיט די, דורך דער מוטערס אומוויסנהייט, פאַרייביקטע טראַדיציאָנעלע טעותן, און אין דער שול מיט עפּעס, וואָס איז נאָך ערגער ווי דער טעות, ווי דאָס איז דער געשוואָרענער ליגן, וואָס איז אַרויפגעצוואונגען פון די, וואָס דאָגמאַטיזירן אין נאָמען פון אַ מכלומרשט געטלעכער אַנטפּלעקונג, גייט אַריין אין דער געזעלשאַפט אַ

צעשעדיקטער און אַ דעגענערירטער, און מען טאָר פון אים, מחמת לאָגישער שייכות פון סיבה צו פועל יוצא, נישט פאָדערן מער פון איראַציאָנאַלע און שעדלעכע רעזולטאַטן.

מיין פאַרקער מיט מיין קרייז באַקאַנטע איז הויפּטזעכלעך אויסן געווען צו קריגן נאָכפאָלגערשאַפט. איך פלעג, דעריבער, שטענדיק באַטראַכטן איטלעכן פונם שטאַנדפּונקט, וויפיל נוצן ער קאָן ברענגען פאַר מיין אידעאַל. און עס האָט מיר נישט גענומען לאַנג אויף צו איבערצייגן זיך, אַז אויף די פּאָליטיקער, וואָס אַרום דאָן מאַנועלן, האָט מען גאָרנישט געקאָנט אויסשטעלן: נאָך מיין מיינונג נאָך, — זאָלן מיר אנטשולדיקן די ערנווירדיקע זויבנאַמען, — זיינען דאָס געווען פאַרביסענע קאַריעריסטן. פון דאָנען שטאַמט אַ געוויסער אויפדרוק, וואָס ביי, פאַר מיר, שווערע און טרויעריקע אומשטענדן, האָט די געריכטלעכע מאַכט געוואָלט אויסנוצן קעגן מיר. אַ הויף צילנדיקער מענטש און אַ קנאַפּ וואָס פאָרבאַרייטער קעגן די מענטשלעכע געמיינקייטן, פלעגט דאָן מאַנועל מיך באַטיטלען אַלס „אַנאַרכיסט", ווען איך פלעג אים מאַכן אַ לאָגישן אויספיר, וואָס איז, מחמת דעם טאַקע, תמיד געווען רדיקאַל. אודאי זיינען מיינע אויספירן געגאַנגען להיפוך צו די אָפּאָרטוניסטישע פּשטלעך און שיינדל־ראַדיקאַלעכצן, וואָס פלעגן פאָרגעשטעלט ווערן פון די שפּאַנישע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע פלעגן אים באַלאַגערן און אפילו אויסנוצן. דאָס זעלביקע פלעגן זיי אויך טאָן מיט די פראַנצויזישע רעפּובליקאַנער, וועלכע האָבן אָנגעפירט אַ פאַר דער בורזשואַזיע פּאָזיטיוו גינציקע פּאָליטיק און געווייכט דערפון, וואָס קאָן גיין לטובת דעם פאַרוואָרלאָזטן פּראָלעטאַריאַט, מיטן אויסרייד, אַז זיי ווילן זיך האַלטן אָן אַ זייט פון אַלע אוטאָפּיעס.

בקיצור און קאָנקרעט — פאַר די ערשטע יאָרן פון דער רעסטאָווראַציע האָבן מיט רואיס סאָרריליאַן קאָנספּירירט מענטשן, וואָס האָבן זיך דערנאָך פון דעם בלאָען באַנק אַרויסגעוויזן פאַר איבערצייגטע מאָנאַרכיסטן, און יעדער ווירדיקער מאַן, וואָס האָט אויפגעהאַלטן דעם פלאַם פון פּראָטעסט קעגן שטאַטס־קלאַפּ פון 3־טן יאַנואַר 1874 י. האָט זיך, אַ נאַאיווער מחמת צופיל ערלעכקייט, פאַרטרויט צו יענע פאַלשע פריינט. אויסגעלאָזט האָט זיך, ווי צווישן פּאָליטיקער פאַסירט אָפט: די מערהייט האָט פאַרלאָזט דעם

רעפובליקאנישן פירער, כדי אַנצונעמען אַ פּאַרטפעל אָדער אַ הויכן פּאָסטן, און ער האָט זיך בלויז געקאָנט פּארלאָזן אויף דער טרייקייט פון די, וואס מחמת ווירדע פארקויפן זיי זיך נישט, אָבער וואָס איבער פּארשידענע פּאָרורטיילן פעלט זיי אויס לאָגיק אויף צו דערהויבן זייער גערענק און ענערגיע אויף אָנצוגיין מיט אַ לעבעדיקערער ארבעט.

ווען נישט אַ סענסיאָ ווענאַ, סעבריאַן, מענגאַדאַ, ווילִיאַקאַמפּאַ און נאָך עטלעכע, וואָלט דאָן מאַנועל געווען פאר אַ סך יאָרן אַ שפּילצייג ביי פּאַר פּאַטריאָטן פּארמאסקירטע, אמביציעזע מענטשן און שפּעקולאַנטן.

איך האָב, אַלזוי, באַשרענקט מיין טעטיקייט אויף מיינע שילער, אויס־קלייבנדיק פאר מיינע עקספּערימענטן די יעניקע, וואָס האָבן מיר אויסגע־וויזן פאר פּאַסיקערע און בעסער געשטימטע.

מיט אַ קלאָרן באַנעם פון דעם ציל, וואָס איך האָב מיר געשטעלט, און צוגעהאלפן פון אַ געוויסן פּרעסטיזש אַ דאַנק מיין פּאָזיציע אַלס לערער און מיין עקספּאנסיווער נאַטור, פלעג איך נאָכן פארענדיקן מיט מיינע פּראפעסיאָנעלע פליכטן שמועסן מיט מיינע תלמידים איבער פּארשידענע זאַכן — אמאָל וועגן שפּאנישן לעבנסשטייגער, אַן אנדערש מאָל וועגן פּאָליטיק, רעליגיע, קונסט, פילאָסאָפיע. דערביי פלעג איך זיך באַמיען אויסצובעסערן די ארויסגעזאָגטע מיינונגען, אויף וויפיל זיי פלעגן זיין איבערגעטריבן אָדער שלעכט באַגרינדעט. ביי אַ געלעגנהייט, פלעג איך זיי מאכן זען, וואָס פּאַ אַ פעלער עס איז אונטערצוואַרפן דעם איי־גענעם קריטעריום אונטער אַ דאָגמע פון אַ סעקטע, פון אַ שול אָדער פון אַ פּאַרטיי, ווי דאָס פּאַסירט ליידער אַזוי אָפט. אויף אַזאַן אופן פלעג איך נישט זעלטן פּועלן, אַז דערוויטערטע, מחמת זייערע באַזונדערע אָנשוי־אונגען, אינדיווידן זאָלן נאָך אַ וויכוח זיך דערנענטערן און קומען צו אַן אויסגלייך, איבערשפּרינגענדיק איבער מיינונגען, וואָס זיינען פריער נישט דיסקוטירט געוואָרן, נאָר אָנגענומען צוליב גלויב, צוליב געהאָרכזאַמקייט אָדער מחמת פּשוטער שקלאַפישער דינסטפארטיקייט. מיינע פריינט און תלמידים פלעגן זיך דעריבער פילן גליקלעך, וואָס זיי וואַרפן אַוועק אַ מיאוסן טעות און נעמען אָן אַן אמת, וואָס דאָס באַזיצן אים דערהויבט

דעם מענטשן און מאכט אים ווירדיק. די שטרענגע לאָגיק, וואָס איך האָב אנגעווענדט אָן מוסר־זאָגעריי און ביי פּאַסיקע געלעגנהייטן, האָט ארומגע־פּיילט פאנאטישע אומגעהובלטקייט, שלום געמאכט צווישן אינטעלעקטן און ווער ווייס, ביז וואָס פאר א גראד זי האָט באוועגט ווילנס אין פּראָ־גרעסיווער ריכטונג.

פריידענקער, וואָס זיינען געווען קעגנער פון דער קירך און דאָך מאַכן פּשרות מיט די דערקלערונגען פון ב ר א ש י ת, מיט דער נישט אדעקוואטער מאָראל פון עוואנגעליום און אפילו מיט די גלחישע צערע־מאָניעס; מער אָדער ווייניקער אָפּאָרטוניסטישע רעפּובליקאנער אָדער ראַ־דיקאלן, וואָס האָבן זיך באגנוגנט מיט דער מאָגערער דעמאָקראטישער גלייכקייט, וואס דער בירגער־טיטול איז כולל, נישט בארירנדיק אפילו אויף דאָס מינדסטע דעם קלאסן־אונטערשיד; פילאָסאָפן, וואָס האָבן גע־שטאָלצירט מיט זייער מכלומרשטער אנטדעקונג פון דער אור־סיבה צווישן מעטאפיזישע לאבירינטן און האָבן באגרינדעט דעם אמת אויף א פּוסטער פראזן־מאכעריי, — אלע האָבן געקאָנט זען דעם פרעמדן און דעם אייגענעם טעות, אלע, אָדער די מערסטע, האָבן זיך אָריענטירט אויפן וועג פון גלייכן שכל.

די צופאלן פון מיין לעבן האָבן מיך פארטראגן ווייט פון יענע פריינט. פונדעסטוועגן האָבן מיר אייניקע צוגעשיקט זייער פריינטשאפטס־אויסדרוק ביז די טיפענישן פון דעם קארצער, וואו איך האב, געשטיצט אויף מיין אומשולד, געהאָפט אויף דער פרייהייט. פון אלעמען דערוואַרט איך א גוטע און צוועקמעסיקע פּראָגרעסיווע טעטיקייט, א צופרידענער מיט דעם, וואָס איך בין עס געווען די באשטימענדיקע סיבה פון זייער ראציאָנאלער אָריענטאציע.



II

# די פרייל׳ן מעניע

צווישן מיינע שילער האָט זיך געציילט די פרייל׳ן מעניע. אַ רייכע משפחהלאָזע דאמע, וואָס איז געווען אַ גרויסע ליבהאָבערין פון רייזעס און האָט געלערנט שפּאַניש מיטן צוועק צו מאַכן אַ לוסט־רייזע איבער שפּאַניען.

אַן איבערצייגטע קאַטאָליקערין און אַ פרומע אָפּהיטערין פון אַלע קירכלעכע מנהגים, זיינען פאַר איר די רעליגיע און די מאָראַל געווען איין און די זעלביקע זאַך. נישט גלויבן, אָדער נישט האָבן גאָט אין הארצן, ווי דאָס הייסט ביי די פרומע, איז פאַר איר געווען אַ בולטער סימן פון אוממאָראַלישקייט, אויסגעלאַסנקייט און פאַרברעכן.

זי האָט פאַרהאַסט רעוואָלוציאָנערן, און מיט דעם זעלביקן אומבאַ־וואוסזיניקן און נישט איבערגעדענקטן געפיל פלעגט זי צוזאַמענמישן אַלע אויסדרוקן פון דער קולטורלאָזיקייט פון די מאַסן. צווישן אנדערע אורזאַכן פון דערציאונג און געזעלשאַפטלעכן שטאַנד, איז אויך געווען די, וואָס זי האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן, אַז אין די צייטן פון דער ,,קאָמונע" האָבן זי די פאַריזשער גאַסן־יינגלעך איינמאָל שטאַרק באַליידיקט, ווען זי איז צוזאַמען מיט איר מוטער געגאַנגען אין קירך.

אַ נאַיווע און אַ סימפּאַטישע, ווי זי איז געווען, און נישט לייגנדיק כמעט קיין שום אַכט אויף אַנטצעדענטן, נעבן־זאַכן און קאָנסעקווענצן פלעגט זי שטענדיק אָפּנהאַרציק אַרויסווייזן דאָס באַהאַלטנסטע פון אירע געדאַנקען, און איך האָב אַ סך מאָל געהאַט די געלעגנהייט צו לאָזן איר אויף אַ פאָרזיכטיקן אופן מערקן, ווי פאַרגרייזט עס זיינען אירע מיינונגען.

אין אונדזערע אָפטע שמועסן האָב איך אויסגעמיטן אנצורופן מיין

ארט דענקען ביי א נאָמען, און זי האָט אין מיר נישט געזען נישט דעם אָנהענגער און נישט דעם סעקטאַנט פון א קעגנזאצלעכער ריכטונג, נאָר א פּאָרזיכטיקן רעזאָנירער מיט וועמען איר פלעגט זיין אָנגענעם צו דיס־קוטירן.

זי האָט זיך וועגן מיר געשאפן אזא גרויסארטיקע מיינונג, אז נישט האָבנדיק קיין אינטימע פריינט מחמת איר איינזאמען לעבן, האָט זי מיר געשענקט איר פריינטשאפט און אבסאלוטן צוטרויען, איינלאדנדיק מיך, איך זאָל זי באגלייטן אין אירע רייזעס.

איך האָב אָנגענומען איר פּאָרשלאָג, און מיר האָבן גערייזט איבער פארשידענע לענדער, און א דאנק מיין אויפפירונג האָט זי געעפנט די אויגן אויף א סך טעותים. זי איז געצוואונגען געווען צו אנערקענען, אז נישט אלע אומרעליגיעזע זיינען פארדארבענע מענטשן, און אז נישט אלע אטעאיסטן זיינען פארהארטעוועטע פארברעכער, היות איך, אן איבערצייג־טער אטעאיסט, האָב זיך ארויסגעוויזן פאר א לעבעדיקע ראיה קעגן איר רעליגיעזן פּאָרורטייל.

בכן האָט זי געמיינט, אז מיין גוטסקייט איז אן א יוצא מן הכלל, דערמאנענדיק זיך, אז דער אויסנאם באשטעטיקט דעם כלל. אבער אנט־קעגן דער כסדרדיקייט און לאָגיק פון מיינע טענות האָט זי זיך געמוזט אונטערגעבן אונטער דער באשיינפערלעכקייט. הגם בנוגע רעליגיע זיינען איר נאָך איבערגעבליבן ספקות, האָט זי אָבער צוגעגעבן, אז א ראציאָנאַלע דערציאונג און א וויסנשאפטלעכער אונטעררינכט וואָלטן געראטעוועט די קינדהייט פון טעות, געגעבן די מענטשן די נויטיקע גוטסקייט און איבער־געבויט די געזעלשאפט בהסכם מיט דער גערעכטיקייט.

אויסערגעוויינלעך באאיינפלוסט האָט איר די פּשוטע באטראכטונג, אז זי וואָלט געקאָנט זיין גליך מיט יענע גאסן־יינגלעך, וואָס האָבן זי אמאָל באליידיקט, אויב זי וואָלט ביי זייערע יאָרן זיך געפונען אין די זעלביקע אומשטענדן, וואָס זיי. אויך וואָס צוליב איר פּאָרורטייל וועגן די איינגעבאָרענע אידייען האָט זי נישט געקאָנט פארענטפערן די פאלגנדיקע פּראבלעם, וואָס איך האָב איר פּאָרגעגעבן: לאָמיר זיך פּאָרשטעלן קינדער, וואָס זיינען דערצויגן געוואָרן אָן קיין שום בארירונג מיט דער רעליגיע —



Berelszteyn

וואָס פאַר א השגה וואלטן זיי געהאט וועגן דער געטלעכקייט ביים אריינ־טרעטן אין די פאַרשטענדיקע יאָרן ?

עס איז געקומען א מאָמענט, ווען מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אז עס ווערט אומזיסט געפטרט צייט, אויב מען זאָל פון וואָרט נישט אריבערגיין צום טאַט. באַזיצן א באַדייטנדיקע פּריווילעגיע, א דאנק דער אומפּולקאָ־מענהייט פון דער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג און דעם געבורטס־צופאַל, משיג זיין דערלייזנדיקע אידייען און פאַרבלייבן אומטעטיק און גלייכגיל־טיק, געניסנדיק פון א פאַרגעניגנדיקן לעבן, האָט מיר אויסגעוויזן אזא קאָמ־פּראָמיס, ווי צוצוזען א מיטמענטשן אין א סכנה, פון וועלכער ער איז נישט בכוח ארויסצוהעלפן זיך און נישט אויסשטרעקן אים די האַנט. בכן האָב איך אין א טאָג געזאָגט צו דער פריילין מעניע :

פריילין, מיר זיינען אָנגעקומען צו א פּונקט, ביי וועלכן מיר מוזן זיך אנטשליסן צו זוכן א נייע אָריענטאציע. די וועלט נויטיקט זיך אין אונדז, זי מאָנט אונדזער שטיצע, און אויף א געוויסנהאפטיקן אופן קאָנען מיר איר אָפּזאָגן. מיר ווייזט אויס, אז פאַרוועגדן אויף באַקוועמלעכקייטן און פאַרגעניגנס רעסורסן, וואָס זיינען א טייל פון דעם אוניווערסאַלן פאַרמעגן און מיט וועלכע מען וואָלט געקאָנט אוועקשטעלן א נוציקע און אויסבע־סערנדיקע אינסטיטוציע, איז באַגיין א שווינדל, און דאס טאָר מען נישט, סיי לויט דעם קאנצעפּט פון א גלויביקן און סיי לויט דעם פון א פריידענ־קער. דעריבער בין איך אייך מודיע, אז איר דאַרפט זיך אויף מיר נישט ריכטן פאַר אייערע ווייטערדיקע רייזעס. איך בין משועבד צו מיינע אידייען און צו דער מענטשהייט, און איך האַלט, אז איר, איבערהויפּט זינט איר האָט אומגעביטן אייער אמאָליקן גלויבן אויף א שכלדיקער אנשויאונג, דאַרפט פילן אַן ענלעכן חוב.

דערוז'אזיקער באַשלוס האָט זי איבערראשט, אבער זי האָט אנערקענט זיין כוח, און אָן אַנדערע אָנרעגונגען, חוץ פון איר אייגענער נאַטירלעכער גוטסקייט און גלייכן שכל, האָט זי באַוויליקט די נויטיקע רעסורסן אויף צו שאַפן אַן אַנשטאַלט פאַר ראַציאָנאַלן אונטערריכט. די אין מוח שוין גע־שאַפענע מ אָ ד ע ר נ ע ש ו ל האָט דורך יענעם גרויסמוטיקן טאַט געקראָגן פאַרזיכערט איר פאַרווירקלעכונג.

וויפיל די לשון־הרע האָט פאַנטאזירט וועגן אָט דער אנגעלעגנהייט, זינט איך בין געצוואונגען געוואָרן צו אונטערוואַרפן זיך אונטער א גע־ריכטלעכער אויספארשונג, איז דורכוים רכילות.

מען האָט אויסגעטראַכט, אז איך האָב אויסגעאיבט איבער דער פריילין מעניע א היפּנאָטישע מאכט מיט עגאָיסטישע צילן, און אָט די אויס־טראַכטונג, וואָס קאָן באַליידיקן מיך, באפלעקט דעם אָנדענק פון יענער ווירדיקער און בכבודיקער פריילין און איז להיפּוך צום אמת.

פון מיין צד, דאַרף איך זיך נישט פאַרענטפערן. איך לאָז איבער מיין באַרעכטיקונג פאַר מיינע טאַטן, פאַר מיין לעבן, פאַרן שטרענגן משפּט פון די אומפּאַרטייאישע. אָבער די פריילין מעניע פאַרדינט די אַכטונג פון מענטשן מיט ערלעכע געוויסנס, פון די, וואָס האָבן זיך באַפרייט פון דער דאָגמאַטיש סעקטאַנטישער טיראַניי, פון די, וואָס האָבן איבערגעריסן אַלע פאַרבינדונגען מיטן טעות, פון די, וואָס פאַרקנעכטן נישט דאָס ליכט פונם שכל צו די שאָטנס פון גלויבן און די ווירדיקע שטאָלץ פון דער פרייהייט צום געמיינעם יאָך פון דער געהאָרכזאַמקייט.

זי האָט געגלויבט באמונה שלמה. מען האָט איר געהאַט געלערנט, אז צווישן דעם באַשעפעניש און דעם באַשעפער איז פאַראַן אַ יעראַרכיע פאַר־מיטלער, וועמען זי האָט געדאַרפט פאָלגן, און א ריי רעליגיעזע מיסטע־ריעס, וואָס זיינען בכולל אין די דאָגמען, וועלכע זיינען אימפּאָנירט געוואָרן דורך א פון גאָט געגרינדעטער קערפּערשאַפט מיטן נאָמען קירך, און זי האָט בשלוה גערוט אין שויס פון דעמדאָזיקן גלויבן.

זי האָט געהערט מיינע רייד, באַטראַכטונגען און עצות, נישט ווי דירעקטע אנווייזונגען, נאָר ווי א נאַטירלעכן ענטפער און אפּווייזונג פון אירע פּרואוון מיך צו באַקערן. דערנאָך האָט זי געזען, אז צוליב מאַנגל אין לאָגיק, היות זי פלעגט אנטקעגן שטעלן דעם גלויבן אנטקעגן דעם פאַר־שטאַנד, פלעגן אירע שוואַכע רעזאָנירונגען דורכפאַלן קעגן דער שטאַרקער לאָגיק פון די מייניקע.

זי האָט מיך נישט געקאָנט אננעמען פאַר קיין פאַרפירערישן דעמאָן, ווייבאַלד אז פון איר צד האָט זיך אנגעהויבן דער שטורם אויף מיינע אי־בערציייגונגען. זי האָט זיך געמוזט האַלטן פאַר א באַזיגטער אין דעם

שטרייט צווישן איר אמונה און איר אייגענעם שׂכל, וואָס האָט דערוואַכט אלס פּועל יוצא פון איר אייגענער אומפּאַרזיכטיקייט צו פאַרלייקענען דעם גלויבן פון א קעגנער פון אירע אני־מאמינס און צו ווען אים באַקערן.

ביי איר תמימותדיקער פּשוטקייט איז זי דערגאַנגען ביז צום אנט־שולדיקן די קאָמונאַליסטישע גאַסן־יינגלעך, ווי אומגליקלעכע און אומדער־צויגענע, פאַרלאָרענע נשמות, שפּראָצן פון דעם פאַרברעך און שטערער פון דער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג איבער דער שולד פון דער פּריווילע־גיע, וואָס לאָזט צו, ביי אַזוי פיל אומגליקן, אַז אַנדערע, נישט קיין קלע־נערע שטערער, וואָס נוצן אויס דעם אומוויסן און די נויט, זאָלן לעבן אומפּראָדוקטיווע און, געניסנדיק אומגעהויערע רייכטימער, נאָך האָבן פּרעטענזיעס אויף אן אייביקן המשך פון די ערדישע פאַרגעניגנס אין א יענערוועלטיקן לעבן פאַרן פּרייז פון ריטועלע צעראַמאָניעס און צדקה.

דער שׂכר פאַר דער לייכטער טוגנט און דער עונש פאַר אומפאַרמייד־לעכע עבירות האָט רעוואָלטירט איר געוויסן און אָפּגעקילט איר פרומקייט. דעמאָלט האָט זי באַגערט צו צעברעכן די אַטאַווישע קייט, וואָס שטערט אַזוי פיל יעדער באַנייאונג, און דעריבער געוואָלט בייטראָגן צו דער גרינ־דונג פון א באַפרייענדיקער אַרבעט, וואָס זאָל האַלטן די קינדהייט אין באַ־רירונג מיט דער נאַטור און ביכולת אויסצונוצן אָן דעם מינדסטן אָפּפאַל דעם גאַנצן אוצר פון ידיעות, וואָס די מענטשהייט דערוועֶרבט זיך כסדר דורך דער אַרבעט, דורך דעם שטודיום, דורך דער באַאָבאַכטונג און דער מעטאָדיזירונג פון די דורות פון אַלע ציַיטן און אַלע ערטער.

אויף אַזאַ אופן, האָט זי געמיינט, וועט צוליב דער ווירקונג פון אן אומענדלעכער, פאַר אונדזער שׂכל הינטער דער סודותפולקייט באַהאַלטע־נער חכמה, אָדער צוליב דעם דורך די יסורים, דער סתירה און דעם ספק דערוואַרבענעם מענטשלעכן וויסן, פאַסירן וואָס עס דאַרף פאַסירן, און איר וועט איבערבלייבן פאַר אן אינערלעכער באַפרידיקונג און רעכטפאַרטיקונג פאַרן געוויסן דער געדאַנק, אַז זי האָט בייגעטראָגן, מיט דער באַווויליקונג פון א טייל פון איר פאַרמעגן, צו אַן אויסערגעוויינלעך טראַנסצענדענטאַ־לער אַרבעט.

III

# די אַרויפגענומענע אחריות

געקראָגן אין באַזיץ די נויטיקע מיטלען פאַר מיין אויפגאַבע, האָב איך, נישט פּטרנדיק קיין צייט, תיכּף געטראַכט וועגן איר פאַרווירקלעכונג.

בשעת עס איז געקומען דערצו, אַז מען האָט געדאַרפט אַרויס פון די אומקלאָרקייטן פון אַ נאָך נישט גענוג דעפינירטער שטרעבונג, האָב איך געמוזט טראַכטן וועגן פּרעציזירן זי, מאַכן זי אויספירבאַר. איך האָב אָנערקענט מיין קנאַפּע קאָמפּעטענץ אין דער פּעדאַגאָגישער טעכניק, און איך האָב אויך נישט געטרויט איבעריקס די פּראָגרעסיווע טענדענצן פון די טיטולירטע פּעדאַגאָגן — צופיל זיינען זיי געפּענטעט פון פּראָפּעסיאָנעלע און פון אַנדערע מינים אַטאַוויזמען. איך האָב מיך, בכן, אָפּגעגעבן מיט אויסזוכן אַ קאָמפּעטענטן מענטשן, וואָס מיט זיינע ידיעות, פּראַקטיק און וויטן קוק, זאָל ער אַנטקעגן קומען מיינע אַספּיראַציעס און זאָל אויסשטעלן די פּראָגראַם פון דער מ אָ ד ע ר נ ע ר ש ו ל, וואָס איך האָב פאַר־טראַכט, און וואָס האָט געדאַרפט זיין, נישט דער פולקאָמער טיפּ פון דער צוקונפטיקער שול פון דער ראַציאָנאַלער געזעלשאַפט, נאָר איר פאָרגעגנערין, די מעגלעכע ראַציאָנאַלע צופּאַסונג צו דער סביבה, דאָס הייסט, די פּאָ־זיטיווע פאַרלייקענונג פון דער אין הווה פאַרייביקטער שול פון דעם עבר, די אמתדיקע אָריענטאַציע צו יענעם אינטעגראַלן לימוד, אין וועלכן מען וועט אַריינפירן די קינדהייט אין דעם היכל פון פולקאָמענסטן וויסנשאַפט־לעכן עסאָטעריזם.

אויב מיר נעמען אָן, אַז דאָס קינד ווערט געבאָרן אָן אַפּריאָרי באַ־גריפענע אידייען, און אַז ער דערוועריבט זיך אין משך פון זיין לעבן די אידייען פון די פּערזאָנען אַרום אים און ענדערט זיי דערנאָך לויט די פאַרגלייכונגען, וואָס ער מאַכט און וועדליק זיינע לאָזונגען, באַאָבאַכטונגען און באַקאַנטשאַפט, וואָס זיין סביבה פאַרשאַפט אים, ווערט באַשיינפּערלעך,

אז אויב מען זאָל דערציען דאָס קינד מיט פּאָזיטיווע און אמתדיקע באַ־גריפן וועגן אַלע זאַכן און וואָרענען אים, אַז כדי אויסצומיידן טעותים טאָר ער אין קיין זאַך נישט גלויבן אויפן וואָרט נאָר דורך דערפאַרונג און שכלדיקע באַווייזן, וואָלט דאָס קינד געוואָרן אַ באַאָבאַכטער און וואָלט צוגעגרייט געוואָרן צו אַלע מינים פאָרשונגען.

געפונען דעם געזוכטן מענטשן, זיינען פאַר דער צייט, וואָס דער־דאָזיקער האָט געצייכנט די ערשטע ליניעס פון דעם פאַרווירקלעכונגס־פּלאַן, געמאַכט געוואָרן אין באַרסעלאָנאַ די נויטיקע הכנות פאַר דעם באַשאַף פון דעם אַנשטאַלט — די באַשטימונג פון לאָקאַל, זיין פאַרבאַרייטונג, דער איינקויף פון מאַטעריאַל, דאָס אויסשטעלן אים, פּערסאָנאַל, מודעות, פּראָספּעקטן, פּראָפּאַגאַנדע, א. א. וו. פאַר ווייניקער ווי אַ יאָר איז אַלץ געווען גרייט, הגם אַ געוויסע פּערזאָן, וואָס האָט אַנגענומען מיין אויפ־טראַג, האָט באַנוצט צום שלעכט מיין צוטרויען צו אים און האָט מיך געשטעלט אין אַן ערנסטער סכנה פון אַ דורכפאַל. עס איז כדאי צו באַ־מערקן, אַז לכתחילה האָב איך געהאַט צו קעמפן מיט נישט ווייניק שוועריקייטן, וואָס זיינען געקומען נישט מצד די שונאים פון ראַציאָנאַלן אונטערריכט, נאָר פון אַ געוויסן סאָרט פּראָיעקטן־שיטער, וואָס האָבן מיר אָנגעבאָטן פאַר פרוכטן פון זייער וויסן און דערפאַרונג אַזעלכע עצות און אָנווייזונגען, וואָס האָבן נישט געקאָנט באַטראַכט ווערן פאַר עפּעס אַנדערש, ווי פאַר אויסדרוקן פון זייערע פאָרורטיילן. אַזוי, למשל, האָט זיך געפונען איינער, וואָס, באַוועגט פון נישטיקן ראַיאָן־פּאַטריאָטיזם, האָט ער מיר פאָרגעשלאָגן, אַז דער לימוד זאָל געגעבן ווערן אין קאַטאַלאַניש. די מענטשהייט האָט געזאָלט איינגעשרומפּן ווערן צו די עטלעכע טויזנט איינוואוינער, וואָס האַלטן זיך אויף אין דעם העק ביי די פּירינייען און אַ טייל פון עבראָ. אַפילו אין שפּאַניש וואָלט איך נישט גע־וואָלט, — האָב איך געענטפערט דעם פאַנאַטישן קאַטאַלאַן — אויב דער פּראָגרעס וואָלט אים שוין מקדים געווען מיט אַן אוניווערסאַלער שפּראַך, וואָס זאָל פאַר אַזעלכן זיין אָנערקענט.

דערדאָזיקער אינצידענט האָט מיך, וואָס ווייטער, אַלץ מער באַפעס־טיקט אין מיין באַשלוס אונטערצוואַרפן די העכסטע פונקטן פון מיין פּלאַן אונטערן פּרעסטיזש פון די אָנגעזעענע מענטשן, וואָס ביי זייער גאַנצן

רום גיבן זיי מיט גוטן ווילן קיין איין טראַט נישט פאָרויס אויף דעם פּראָג־רעסיוון שליאַך.

איך האָב אויף זיך געפילט דעם יאָך פון א פּרייווויליק ארויפגענומענער אחריות און געוואָלט עס דורכפירן אויף אַן אופן, וואָס זאָל צופרידנשטעלן מיין געוויסן.

א שונא פון דער געזעלשאפטלעכער אומגלייכהייט, האָב איך מיך נישט באַשרענקט אויף זי צו באַדויערן אין אירע פאָלגן, נאָר איך האָב זי געוואָלט באקעמפן אין אירע סיבות. איך בין געווען זיכער, אז אויף דעם אופן מוז מען פּאָזיטיוו קומען צו דער גערעכטיקייט, דאָס הייסט, צו יענער גלייכ־הייט, וואָס אינספירירט איטלעכע רעוואָלוציאָנערע ארבעט.

אין די אוניווערסיטעטן לערנט מען, אז די שטאָף איז איינע, א קדמונ־דיקע און אן אייביקע, אז מיר לעבן אויף א קנאפּ וואס וויכטיקן אסטראָנאָ־מישן קערפּער, וואָס אַן אָנצאָל פון דעם אומענדלעכן רוים באפעלקערנדיקע וועלטן זיינען חשיבותדיקער פון אים. אויב דאָס מעגן וויסן די פּריווילעגיר־טע, וואָס מאָנאָפּאָליזירן די אוניווערסאַלע וויסנשאַפט, איז נישטאָ קיין שום אורזאַך, און קיין שום תירוץ קאן נישט גילטן דערפאר, אז אין דער אָנ־פאנגס־שול, וואס ווערט באזוכט פונם פאָלק — ווען ער קאָן באזוכן א שול — זאָל מען לערנען, אז גאָט האָט באַשאַפן די וועלט פון תהו ובהו אין זעקס טעג, אָדער די גאנצע קאָלעקציע אבסורדן פון דער רעליגיעזער לע־גענדע.

דער אמת איז אלעמענס, און, געזעלשאפטלעך, איז מען אים שולדיק צו דער גאנצער וועלט. אוועקשטעלן אויף אים א פּרייז, פארבאהאלטן אים ווי א מאָנאָפּאָל פאר די מעכטיקע, איבערלאזן אין סיסטעמאַטישן אומוויסן די שוואכע, און, וואס עס איז נאָך ערגער, געבן זיי א דאָגמאַטישן און אָפּי־ציעלן אמת, וואס גייט להיפוך צו דער וויסנשאפט, כדי זיי זאלן אָן פּראָ־טעסטן זיך אונטערגעבן צו זייער נידעריקן און קלאָגעדיקן מצב אונטער א פּאָליטיש דעמאָקראטישן רעזשים, איז אן אומדערטרעגלעכע נידערטרעכ־טיקייט. פון מיין צד, האלט איך, אז דער ווירקזאמסטער פּראָטעסט און פּאָזיטיווסטע רעוואָלוציאָנערע אַקציע וואָלטן געווען געבן צו די אונטער־דריקטע, צו די פארוואָרלאָזסטע און צו אלע, וואס גארן צו דער גערעכטי־קייט, יענעם אמת, וואס מען באַשווינדלט זיי אויס, וואס רופט ארויס די

קלעקנדיקע און נויטיקע כוחות פאר דער גרויסער ארבעט פון דער געזעלשאפטלעכער דערלייזונג.

אָט איז די ערשטע עפנטלעכע מיטטיילונג וועגן דער מאָדערנער שול:

## פראָגראַם

די מיסיע פון דער מאָדערנער שול באשטייט אין פועלן, אז די יינגלעך און מיידלעך, וואס מען וועט איר פארטרויען, זאָלן ווערן געבילדעטע, אמת־זאָגנדיקע, גערעכטע און פון אלע פארורטיילן פרייע מענטשן.

צוליב דעם וועט זי דעם דאָגמאטישן לימוד פארבייטן אויף דעם רעזאָנירטן אונטערריכט פון די נאטור־וויסנשאפטן.

זי וועט וועקן, אנטוויקלען און ריכטן די אייגענע פעאיקייטן פון איטלעכן תלמיד, אז ער זאָל מיטן גאנצן סכום פון זיין אייגענעם אינדיווידועלן ווערט זיין נישט נאר א נוציקער מיטגליד פון דער געזעלשאפט, נאָר ער זאָל אויך ווי א פועל־יוצא פראָפּאָרציאנעל אויפהויבן דעם ווערט פון דעם קאָלעקטיוו.

זי וועט וועקן, אנטוויקלען און ריכטן די אייגענע פעאיקייטן פון כלל: נישטאָ קיין פליכטן אָן רעכטן; נישטאָ קיין רעכטן אָן פליכטן.

איינזעענדיק דעם גרויסן דערפאָלג פון דעם געמישטן אונטערריכט אין אויסלאנד און, דער עיקר, כדי צו פארווירקלעכן די אויפגאבע פון דער מאָדערנער שול, וואס שטרעבט צוצוגרייטן א באמת ברידערלעכע מענטשהייט, אָן געשלעכטס־און קלאסן־קאטעגאָריעס, וועלן אָנגענומען ווערן קינדער פוןביידע געשלעכטער פון פינפיאָריקער עלטער און וייטער.

אויף צו דערגאנצן איר ארבעט, וועט די מאָדערנע שול זיך עפענען אלע זונטיק פרימארגן, ווידמענענדיק די צייט דעם שטודיום פון די מענטשלעכע ליידן פארן אלגעמיינעם פארלויף פון דער געשיכטע און

דעם אָנדענק פון די מענטשן, וואס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין די וויסנ־שאפטן, אין די קונסטן, אדער אין די קאמפן פארן פראָגרעס.

דיראָזיקע לעקציעס וועלן מעגן באזוכט ווערן פון די פאמיליעס פון אונדזערע תלמידים.

היות מיר באַגערן, אַז די אינטעלעקטועלע ארבעט פון דער שול זאָל ברענגען פרוכט אין דער צוקונפט, וועט, חוץ די היגיענישע תנאים אין וועלכע מיר האָבן זיך באמיט אוועקצושטעלן דעם לאָקאל אין זיינע אפ־צווייגונגען, איינגעפירט זיין א מעדיצינישע אונטערזוכונג ביים אויפנעמען די שילער, וואָס די רעזולטאַטן דערפון וועלן מיטגעטיילט ווערן, ווען נויטיק, צו די פאַמיליעס, און דערנאָך א פעריאָדישע אונטערזוכונג אויף אויס־צומיידן די פארשפרייטונג פון אנשטעקנדיקע קרענק אין משך פון שול־לעבן.

אין דער וואָך ערב דער דערעפענונג פון דער מ אָ ד ע ר נ ע ר ־ ש ו ל , האָב איך איינגעלאַדן די אָרטיקע פרעסע צו באזוכן די איינריכ־טונגען אויף מיטצוטיילן דעם פובליקום. פאר אן אָנדענק, און אפילו פאר א געשיכטלעכן דאָקומענט, נעם איך דאָ אריין דעם פאָלגנדיקן איבערזיכט וועגן דעם אקט פון דער צייטונג „ע ל ד י ל ו א וו י אָ :

## די מאָדערנע שול

אויף א העפלעכער איינלאַדונג, האָבן מיר געהאַט דעם פארגעניגן בייצוזיין די דערעפענונג פון דער נייער שול, וואס איז אונטער דעם גע־נאנטן נאָמען איינגעארדנט געווארן אויף דער גאס ב א י ל ע ן .

דער עתיד מוז ארויסוואקסן פון דעם שול־וועזן. בויען אויף אן אנדער יסוד, איז ווי בויען אויף זאמד. צום אומגליק אָבער, קאן די שול זיין א באַזיס פאר די פעסטונגען פון דער טיראַניי, ווי פאַר די פרייהייטס־פאַ־לאַצן; פון דעמראָזיקן פרשת הדרכים הויבן זיך אָן די וועגן צו דער באַר־באַרישקייט און צו דער ציוויליזאַציע.

דעריבער גראַטולירן מיר זיך, בשעת מיר זעען, ווי פאטריאטישע און הומאַניטארע מענטשן פארשטייען די טראַנסצערענטאַלע וויכטיקייט פון

דערדאָזיקער געזעלשאַפטלעכער פונקציע, וואָס אונדזערע רעגירונגען פאַר־לאָזן סיסטעמאַטיש און די פעלקער פאַרטרויען צו זייערע אייביקע שונאים, און פאַרלויפן אויסצופילן דעם פילבאַרן חלל מיטן שאַפן פון דער מאָ־דערנער שול. דאָס איז יענע אמתע שול, וואָס קאָן נישט באַשטיין פון באַפרידיקן סעקטאַנטישע אינטערעסן און פאַרשטיינערטער רוטין, ווי דאָס האָט פּאַסירט ביז איצט, נאָר פון אַן אינטעלעקטועלער סביבה, וואו די נאָר וואָס צום לעבן געקומענע דורות זאָלן זיך אָנזאַפּן מיט אַלע אידייען, מיט אַלע פאַרשריטן, וואָס דער שטראָם פון פּראָגרעס טראָגט אומאויפ־הערלעך צו.

אָבער דערדאָזיקער ציל קאָן דערגרייכט ווערן אויסשליסלעך דורך פּריוואַטער איניציאַטיוו. די, פון אַלע חסרונות פון דער פאַרגאַנגענהייט און פון אַלע קליינלעכקייטן פון דער קעגנוואַרט פּאַרפּעסטעטע, היסטאָרישע אינסטיטוציעס, קאָנען נישט דורכפירן דידאָזיקע פּראַכטפולע פונקציע. פאַר די פיינע נשמות, פאַר די אַלטרואיסטישע הערצער איז פאַרבאַהאַלטן דאָס דורכשניידן פון א נייעם שטעג, דורך וועלכן די נייע דורות זאָלן דורכגיין צו גליקלעכערע גורלות.

דאָס האָבן געטאָן, אָדער, לפּחות, דאָס האָבן זיך געפּרואווט טאָן, די גרינדער פון דער באַשיידענער מאָדערנער שול, וואָס מיר האָבן געהאַט די געלעגנהייט צו באַזוכן, אויף דער העפלעכער איינלאַדונג פון די, וואָס דאַרפן מיט איר אָנפירן און זאָרגן זיך פאַר איר אַנטוויקלונג. עס איז נישט קיין סוחרישע אונטערנעמונג, ווי אין דאָס רוב אַרויסשטעל־לונגען פון דעם מין, נאָר א פּעדאַגאָגישער פּרואוו, וואָס עפּעס ענלעכעס וואָלטן מיר בלויז געקאָנט געפינען אין דעם מאַדרידער אינסטיטוט פאַר פרייען אונטערריכט, אויב מיר זאָלן עס זוכן אין אונדזער פאָטערלאַנד.

גלענצנד האָט דאָס אויסגעדריקט דער ה' סאַלאַס אַנטאָן אין דער פּראָגראַם־רעדע, וואָס ער האָט אין א היימישן טאָן געהאַלטן פאַר דעם קליינעם קרייז זשורנאַליסטן און פּריוואַט־מענטשן, וואָס זיינען בייגעווען אויף דער קליינער פייערונג פון דער אויסשטעלונג פונם לאָקאַל, וואו עס וועט זיך דאַרפן אַנטוויקלען דער טראַנסצעדענטאַלער געדאַנק פון דערציען די קינדהייט אויף דעם גאַנצן אמת און בלויז אויף דעם אמת, אדער אויף

דעם, וואס איז פאר אזעלכן דערוויזן געווארן. מיר וועלן בלויז דערמאָנען די גרונט אידייע פון יענער רעדע — דאָ האנדלט זיך נישט פון שאפן נאָך אַן עקזעמפּליאר פון דעם, וואס מען האָט ביז איצט געקאָנט אונטערן נאָמען וועלטלעכע שול, מיט אירע לײדנשאפטלעכע דאָגמאטיזמען, נאָר אַ רואיקן, פאר אלע ווינטן אפענעם, אָבסערוואטאריום, וואו קײן שום וואלקן זאָל נישט פארשטעלן דעם האָריזאָנט און נישט שטעלן זיך אין וועג דעם ליכט פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש.

עס איז, בכן, איבעריק צו זאגן, אז אין דער מאָדערנער שול וועלן זײן פּראָפּארציאנעל פארטראטן אלע וויסנשאפטלעכע ידיעות, צוגע־טראגן מיט די פּראגרעסיווסטע מעטאדן, וואס זײנען היינט באקאנט צו דער פּעדאַגאָגיע, און מיט די בעסטע אינסטרומענטן און אפאראטן, וואס זײ־נען דער שטארקסטער מיטל אויף צו ווירקן אויפן פארשטאנד פון די שי־לער. בקיצור קאָן מען זאגן, אז די זאך־לעקציעס וועלן פארבייטן די וואָרט לעקציעס, וואס האָבן געבראכט אזעלכע שלעכטע רעזולטאטן אין דער דער־ציאונג פון אונדזערע לאנדסלייט.

עס קלעקט א קוק צו טון אויף די באשײדענע דירות פון יענעם אָנ־פאנגנדיקן אנשטאלט אויף צו איבערציינגן זיך, אז זײ פארמאָגן די נויטיקע תנאים אויף צו דערפילן אזא װערטפולן צוזאָג. דער מאטעריאל, וואָס איז אזוי פארווארלאזט, סײ אין דעם אפיציעלן און סײ אין דעם פּריוואטן אונטעררעכט פון אונדזער לאנד, איז אין דער נײער שול פארטראָטן דורך בילדער פון אנימאלער און װעגעטארישער פיזיאָלאָגיע, מינעראלאגישע, באָ־טאנישע און זאאלאגישע קאָלעקציעס, א פיזיקאלישן קאבינעט און א ספּע־ציעלער לאבאָראטאריע, א מאשין פאר ליכט־בילדער, שפייזן, אינדוסטריעלע רוי־שטאָפן, מינעראלן א. א. וו. פון זײער הילף און פון דער אויסגעצײ־כנטער דירעקציע פון אנגעזאפּטע מיטן גײסט פון אונדזער צייט לערער, ווי למשל, דער באקאנטער עקס־זשורנאליסט ה' קאָלומביער, מעג מען דערווארטן, אז עס איז שוין געבארן געווארן, לפּחות אין קערן, די שול פון דער צוקונפט.

איצט פעלט בלויז זי זאָל קריגן נאכאמער.

IV

# די לכתחילהדיקע פּראָגראַם

עס איז אָנגעקומען דער מאָמענט צו טראַכטן פון דערעפענען די מאָדערנע שול.

מיט אַ שטיקל צייט פריער האָב איך איינגעלאַדן עטלעכע הערן מיט א בכבודיקער רעפּוטאַציע, וואס האָבן זיך קונה שם געווען פאר געבילדעטע און פּראָגרעסיווע מענטשן, ארויסצוהעלפן מיך מיט זייער ראַט. זיי זיינען געווען אַזוי פריינדלעך אָנצונעמען מיין איינלאַדונג, און פון זיי איז צו־זאמענגעשטעלט געווארן די בעראַטונגס - קאָמיסיע. זייער מיטווירקונג איז מיר געווען שטאַרק נוציק אין באַרסעלאָנאַ, וואו איך האָב געהאַט ווייניק קאַנטשאַפט. מיט פארגעניגן פארצייכן איך דאָ מיין אנערקענונג. ביי יענער קאָמיסיע איז פארגעשלאגן געווארן צו דערעפענען די מאָדערנע שול מיטן גאַנצן פּאָמפּ. עס וואלט זייער לייכט געווען צו קריגן די אלע נויטיקע זאכן צו מאַכן אַן איינדרוק: אַן אנזעעוודיקער פּלאַקאַט, א צירקולאַ־רע רעקלאַמע אין דער פּרעסע, א גרויסער לאָקאַל, מוזיק און א פּאר עלאָק־ווענטע רעדנער וואלטן געווען איבערגענוג אויף צוזאמענצוקלייבן עטלעכע הונדערט צושויער, וואס זאלן אפּלאָדירן מיט יענעם מאָמענטאַנעם ענטו־זיאַזם, וואס באַפּוצט געוויינטלעך אונדזערע עפנטלעכע אַקטן. דידאַזיקע אַנשטעלן האָבן מיך אָבער נישט געלאָקט. אַזאַ פּאָזיטיוויסט, ווי אידעאַ־ליסט, — האָב איך געוואלט אָנהויבן מיט באַשיידענער פּשוטקייט אַן אַר־בעט, וואס איז געווען בארופן צו דערגרייכן די גרעסטע רעוואָלוציאָנערע באַדייטונג. האַנדלען אַנדערש וואָלט מיר אויסגעזען, ווי אונטערגעבן זיך, ווי אונטערוואַרפן זיך אונטערן חלשותדיקן קאָנווענציאָנאַליזם, ווי א קאַמ־

פראמים מיט דעם זעלביקן איבל, וואס איך האָב מיט אלע כוחות געשטרעבט צו פארריכטן מיט א גוטער טאַט־זאַך, פון וועלכער איך האָב דערוואַרט א זיכערע ווירקונג און דערפאלג. דער פארשלאג פון דער בעראטונג־קאָמיסיע איז, אלזוי, אַפּגעוואָרפן געוואָרן דורך מיין געוויסן און מיין ווילן, וואָס האָבן אין יענעם פאַל און אין אלץ, וואָס האָט געהאט אַ שייכות מיט דער מ אָ ד ע ר נ ע ר   ש ו ל , געשפּילט די ראליע פון אַ מין עקזעקוטיוו.

אין דעם ערשטן נומער פון  ב אָ ל ע ט י ן   ד ע   ל א   ע ס ק ו ע ל א   מ אָ ד ע ר נ א ; וואס איז דערשינען דעם 30־טן אקטאבער 1901 י., האָב איך אין אלגעמיינע ווערטער אויסגעדריקט די באזירונג  פון  דער מ אָ ד ע ר נ ע ר   ש ו ל :

די מכלומרשטע פראדוקטן פונם שכל, די באגריפן  א   פּ ר י אָ ר י , דער גאנצער פלאנטער פון דער פאנטאסטישער חקירה, וואס זיינען ביז איצט געהאלטן געווארן פאר אמתן און פארן אומפארמיידלעכן קריטעריום, וואָס זאָל ריכטן די מענטשלעכע אויפפירונג, האָבן שוין זינט אַ לאַנגער צייט, אבער אין א באשרענקטן קרייז, גענומען כאַפּן מפּלות  מצד דער פארנונפט און פארלירן זייער קרעדיטביים באוואוסטזיין.

אין דער איצטיקער שעה באדעקט שוין די זון נישט נאר די בארג־שפּיצן — מיר געפינען זיך כמעט אונטער א מערידיאַנער ליכט, וואס פאר־פלייצט ביז די זייטן פון די בערג. די וויסנשאפט איז שוין, צום גליק, נישט מער קיין אייגנטום פון אַ קליינער גרופּע פּריווילעגירטע. אירע וואוילטעטי־קע אויסשטראלונגען דרינגען אריין, מיט מער אדער ווייניקער באוואוסטזיין, אין אלע סאציאלע שיכטן. אומעטום צעשטערט זי טראדיציאנעלע טעותים. מיט די זיכערע מעטאָדן פון דערפארונג און באַאָבאַכטונג דערמעגלעכט זי די מענטשן צו שאַפן פּינקטלעכע לערן, רעאלע קריטעריומס וועגן די זאַכן און וועגן די זיי רעגולירנדיקע געזעצן. אין דעם איצטיקן מאָמענט  ווערט זי, מיט אָנספּקדיקער און אומבאשטרייטבארער אויטאריטעט,  צום גליק פאר דער מענטשהייט, כדי עס זאָל איינמאל פאר אלעמאל נעמען א סוף צו די פּריווילעגיעס, דער איינציקער מדריך פון דעם מענטשלעכן לעבן, וואס זי באמיט זיך אָנצוזאפּן מיט אוניווערסאל־מענטשלעכן געפיל.

מיט באַשיידענע כוחות, אָבער אין דער זעלביקער צייט מיט אַ מעכ־טיקן, פאַרנונפטיקן גלויבן און מיט אַן אַקטיוויטעט, וואָס קיין שום מכשו־לים וועלן נישט אָפּשוואַכן, האָט זיך געגרינדעט די מ אָ ד ע ר נ ע ש ו ל. איר אויפגאַבע איז מיטצוהעלפן, אָן קיין שום פשרות מיט די טראַדיציאָנעלע מעטאָדן, גראָדליניק דעם, אויף די נאַטור־וויסנשאַפטן באַזירטן, פּעדאַגאָ־גישן אונטערריכט.

דערדאָזיקער נייער, אָבער איינציקער רעאַלער און פּאָזיטיווער מעטאָד, איז אויסגעצייטיקט געוואָרן אין אַלע ווינקלען פון דער ציוויליזירטער וועלט און האָט געוואונען פאַר זיך אומצאָליקע גייסטיק דערהויבענע און ווילן־פעסטע מענטשן.

מיר ווייסן פון די שונאים, וואָס רינגלען אונדז אַרום; מיר ווייסן פון די אָן אַ שיעור פאָרורטיילן, מיט וועלכע דאָס געזעלשאַפטלעכע באַוואוסט־זיין איז דורכגענומען — דאָס זיינען ווערק פון אַ מיטלאַלטערלעכער, סו־ביעקטיווער, דאָגמאַטישער פּעדאַגאָגיע, וואָס מאַכט דעם לעכערלעכן אָנ־שטעל פון אַן אומפעלבאַרן קריטעריום. מיר ווייסן אויך, אַז צוליב דעם ירושה־געזעץ, וואָס ווערט געקרעפטיקט דורך די סוגעסטיעס פון דער סביבה, ווערן, די שוין ממילא אין די קינדערשע יאָרן אַנגעאייגנטע פּאַסיווע נטיות, נאָך אונטערגעשטראָכן ביי אונדזער יוגנט ביז אויסערגעוויינלעכער בולטקייט.

דער קאַמף איז אַ ביטערער, די אַרבעט איז אַ שווערע, אָבער מיט דעם באַשטענדיקן און כסדרדיקן ווילן — דער איינציקער הכל־יכול אין דער מאָ־ראַלישער וועלט — זיינען מיר זיכער צו דערגרייכן דעם געגאַרטן זיג. מיר וועלן אַרויסברענגען לעבעדיקע רעאַגירנדיקע מוחות. די אינטעלעקטן פון אונדזערע תלמידים וועלן, נאָכן באַפרייען זיך פון דער ראַציאָנאַלער אַפּטרופּסות פון אונדזער צ ע נ ט ע ר, בלייבן דם־שונאים פון אַלע פאָרורטיילן. דאָס וועלן זיין אינהאַלטסרייכע אינטעלעקטן, קאַפּאַבל צו שאַפן זיך אייגענע, זייערע אייגענע רעזאָנירטע איבערצייגונגען וועגן אַלץ, וואָס וועט נאָר זיין אַן אָביעקט פון זייער געדאַנק.

דאָס מיינט נישט, אַז מיר וועלן איבערלאָזן די קינדער, אין זייערע דערציערישע התחלות, צו שאַפן זיך באַגריפן אויף זייער אייגענעם חשבון.

דער סאָקראַטישער וועג וואָלט געווען א טעותדיקער, אויב מען וואָלט אים אנגענומען בוכשטעבלעך. די קאָנסטרוקציע גופא פון דעם מוח, ביים אנהויב פון זיין אנטוויקלונג, פאָדערט, אז די דערציאונג אין יענער ערשטער לעבנס־עלטער זאָל זיין אַן אויפנעמענדיקע. דער לערער זייט דעם אידייען־זאמען און, בשעת דער מוח קרעפטיקט זיך מיט דער צייט, גיט דערדאזיקער זאָמען די אנטשפּרעכנדיקע בלומען און פרוכט, בהסכם מיט דער מדרגה פון איני־ציאטיוו און מיט דער כאראקטעריסטישער פיזיאָנאָמיע פון דעם תלמידס אינטעליגענץ.

פון דער אנדערער זייט, מוזן מיר דערקלערן, אז מיר האלטן פאר אַן אומזין דעם פארשפּרייטן באגריף, לויט וועלכן די אויף די נאַטור־וויסנ־שאפטן באזירטע דערציאונג זאל מכלומרשט אטראָפירן דעם אָרגאַן פון דעם אידעאל. מיר האלטן עס פאר אַן אומזין — זאָגן מיר — ווייל מיר זיינען איבערצייגט, אז עס איז פארקערט. וואָס די וויסנשאפט טוט דאָ אויף, איז צו קאָרעגירן אים, אויסגלייכן, סאנירן זיין פונקציע מיטן צוגעבן אים א רעאלן אינהאלט. דער תכלית פון דעם מענטשנס מארכלעכער ענערגיע איז צו פּראדוצירן דעם אידעאל מיט דער קונסט און מיט דער פילאָ־סאָפיע, די־דאָזיקע הויכע דרינגבארע גענעראציעס. אבער כדי דער אידעאל זאָל נישט דעגענערירן צו א פאבל אדער צו נעבלהאפטיקע אילוזיעס, און כדי דאס דרינגבארע זאל נישט זיין קיין בנין אויף א זאמדיקן פונדאמענט, איז דורכויס נויטיק דער זיכערער און פעסטער יסוד פון די עקזאקטע און פּאָזיטיווע נאַטור־וויסנשאפטלעכע ידיעות.

חוץ דעם, קאן מען דעם מענטשן נישט געבן קיין אינטעגראלער דער־ציאונג בלויז מיטן דיסציפּלינירן זיין שכל — מען מוז אויך לייגן אכט אויף זיין הארץ, און מען טאָר אויך נישט פארמאכן די אויגן אויף זיין ווילן. ביי דער איינהייט פון זיין מארכלעכער פונקציאָנירונג, איז דער מענטש א קאמפּלעקס — ער האָט עטלעכע פונדאמענטאלע פאזיסן — ער איז א כוח וואס זעט, א סענסיביליטעט מיט א באציאונג צום באגריפענעם, וואָס זי פארייגנט אָדער שטויסט אָפּ, און א ווילן, וואָס קריסטאליזירט אויס אין אקטן דאָס, וואָס ער איז משיג און האָט ליב. שאפן א תהום, וואו עס וואלט געדארפט זיין א געזונטע און שיינע קאָנטינואיטעט, איז א קרענק־

לעבער מצב, וואס גייט להיפוך צו אלע געזעצן פון מענטשלעכן ארגאניזם. און — פונדעסטוועגן — איז די מחיצה צווישן דעם דענקען און דעם פילן א זייער גאנגבארע מטבע. וויפיל פאטאלע קאנסעקווענצן צוליב דעם! מען דארף נאר צוקוקן זיך צו די פירער פון דער פאליטיק און פון אלע גע־שטאלטונגען פונם געזעלשאפטלעכן לעבן אויף צו זען, ווי טיף זיי זיינען אנגעגריפן פון אט דער שעדלעכער צווייאיקייט. א סך פון זיי וועלן אייך פארמאגן אן ספק מעכטיקע אינטעלעקטועלע פעאיקייטן, זיי וועלן אייך זיין רייך אין אידייען, זיי וועלן אייך אפילו פארשטיין די רעאלע און פון אלע שטאנדפונקטן פראכטפולע אריענטאציע, וואס די וויסנשאפט גרייט פארן לעבן פון אינדיווידן און פעלקער. פונדעסטוועגן, וועלן זייערע נאר־נישט שווינענדיקע עגאיזמען, די אייגענע אינטערעסן פון די פארבינדרעטע... דאס אלץ פארמישט מיטן הייוון פון טראדיציאנעלע סענטימענטן, שאפן א פאנציר אויף זייערע הערצער, עס זאלן נישט דורכטריפן צו זיי זייערע פראגרעסיווע אידייען און נישט פארוואנדלט ווערן אין דעם געפילן־זאפט, וואס איז, סוף כל סוף, דער אנטרייבער, דער אוממיטלבארער באשטימער פון דעם מענטשנס אויפפירונג. פון דאנען נעמט זיך דאס אוזורפירן דעם פראגרעס און דאס אוועקשטעלן מניעות צו דער ווירקזאמקייט פון די אי־דייען, און, דער פועל־יוצא פון דיראזיקע סיבות, דער סקעפטיציזם פון קאָ־לעקטיוון, דער טויט פון פעלקער און די גערעכטע פארצווייפלונג פון די אונטערדריקטע.

מיר וועלן זיך פארנעמען פאר אן ענד־ציל פון אונדזער פעדאגאגי־שער מיסיע, אז אין איין און דעם זעלביקן אינדיווידן זאלן נישט זיין קיין צוויי פרצופים — איינער וואס זעט דאס אמתע און גוטע און שטימט איין מיט דעם, און דער צווייטער, וואס גייט נאך נאך דאס שלעכטע און אימ־פאנירט עס. און היות מיר האבן שוין פאר א דערציערישן מדריך די נאטור־וויסנשאפטן, קאן מען לייכט פארשטיין דאס פאלגנדיקע: מיר וועלן זיך באמיען, אז די אינטעלעקטועלע פארשטעלונגען, וואס די וויסנשאפט וועט סוגערירן דעם תלמיד, זאל ער פארוואנדלען אין א געפילן־זאפט, זאל ער מיט אלע כוחות זיינע ליב האבן. ווארום דער געפיל, ווען ער איז שטארק, דרינגט אריין און צעגייט זיך איבער דאס טיפסטע פונם מענטשלעכן אר־גאניזם און גיט דעם מענטשלעכן כאראקטער א געשטאלט און א פארב.

און היות דעם מענטשנס אויפפירונג מוז זיך אין פּראַקטישן לעבן באַ־וועגן אין דעם קרייז פון דעם מענטשנס כאַראַקטער, איז דער פּועל־יוצא, אַז דער, אויף אַזאַן אופן דערצויגענער, יונגערמאַן וועט, בשעת ער וועט זיך רעגירן לויט זיין אַנגעאייגנטן פאַרשטאַנד, פאַרוואַנדלען די וויסנשאַפט, דורכן קאַנאַל פון געפיל, אין דער איינציקער וואוילטעטיקער לערערין פון זיין לעבן.

די דערעפענונג איז פאָרגעקומען דעם 8־טן סעפּטעמבער 1901 י. מיט אַ שול־עפעקטיוו פון 30 תלמידים — 12 מיידלעך און 18 יינגלעך.

זיי האָבן געקלעקט פאַר אַן ערשטן פּרואוו. מיר האָבן דערווייל נישט געוואָלט פאַרגרעסערן די צאָל, כדי צו פאַרלייכטערן די אויפזיכט. מען האָט זיך געדאַרפט ריכטן אויף אַ נעץ מצד די רוטינערע שונאים פון דעם נייעם אונטערנעמעניש, אין שייכות מיט דער קאָעדוקאַציע פון יינגלעך און מיידלעך.

דאָס פּובליקום איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון, דורך די צייטונגס־נאָטיצן, פאַראינטערעסירטן עולם, פון די תלמידימשע משפחות און פון דע־לעגאַטן פון עטלעכע אַרבעטער־פאַריינען, וועלכע איך האָב איינגעלאַדן, ווייל מען האָט מיר צוגעשטעלט זייערע אַדרעסן. אין פאָרזיץ האָבן מיך באַגלייט די לערער און די באַראַטונגס־קאָמיסיע, פון וועלכע צוויי פּערזאָן האָבן עקספּאָנירט די סיסטעם און דעם ציל פון דעם נייעם אַנשטאַלט. אָט אַזוי, מיט אַזאַ געמעסיקטער פּשוטקייט, איז געגעבן געוואָרן דער אימפּולס, וואָס וועט זיך קיינמאָל נישט אָפּשטעלן. אַזוי איז געשאַפן געוואָרן די מ אָ ־ ד ע ר נ ע, ו ו י ס נ ש א פ ט ל ע כ ע און ר א צ י אָ נ א ל ע ש ו ל, וואָס איז באַלד מפורסם געוואָרן איבער אייראָפּע און אין אַמעריקע. וואָס, אויב זי וועט מיט דער צייט פאַרלירן דעם טיטול מאָדערנע, וועט זי אָבער וואָס ווייטער אַלץ מער, אין דעם שטראָם פון די יאָרהונדערטן, קרעפטיקן אירע טיטולן ר א צ י אָ נ אַ ל ע און ו ו י ס נ ש א פ ט ל ע כ ע.



V

# קאָעדוקאַציע פוןביידע געשלעכטער

דער וויכטיקסטער אויסדרוק פון ראַציאָנאַלן אונטערריכט, וואָס וואָלט, ביי דער גייסטיקער צוריקגעשטאַנענקייט פון לאַנד, זיך באַלד געקאָנט אָנ־שטויסן אָן פאָרורטיילן און מנהגים, איז געווען די קאָעדוקאַציע פון יינגלעך און מיידלעך.

נישט דערפאַר, ווייל עס זאָל געווען זיין א לחלוטין נייע זאַך אין שפּאַניען, וואָרום אונטערן דרוק פון דער נויט, און, אַזוי צו זאָגן, אין א פּרימיטיוון צושטאַנד זיינען פאַראַן פאַרוואָרפענע פון די צענטערס און קאָ־מוניקאַציע־מיטלען, דערפער, אין טאָלן און אויף בערג, וואו א גוטהאַרצי־קער שכן, אדער דער גלח, אדער דעם גלחס באַהעלפער נעמען צונויף יינגלעך און מיידלעך אויף צו לערנען זיי דעם קאַטעכיזיס, און אמאָל אויך דעם אלף־בית. נאָך מער: עס מאַכט זיך אמאָל, אז דאָס איז געזעצלעך אויטאָ־ריזירט, אדער לפּחות טאָלערירט, פונם שטאַט גופא. אין קליינע דערפלעך, וואָס זייערע פאַרוואַלטונגען האָבן נישט גענוג מיטלען אויף אויסצוהאַלטן א לערער מיט א לערערין, פירט אָן מיטן לימוד א לערערין, קיינמאָל נישט קיין לערער, און עס זיצן צוזאַמען יינגלעך מיט מיידלעך, ווי מיר אליין איז אויסגעקומען צו זען אין א דערפל נישט ווייט פון באַרסעלאָנא. אבער אין די שטעטלעך און שטעט איז די געמישטע שול געווען אומבאַקאַנט. אויב מען האָט אפילו דורך דער ליטעראַטור געהאַט א ידיעה, אז אין אַנדערע לענ־דער פּראָפּאַגאַנדירט מען דערפאַר, — האָט קיינער נישט געטראַכט פון צופּאַסן עס צו שפּאַניען. דאָ וואָלט דער געדאַנק, איינצופירן אָט די וויכ־טיקסטע נייס, באַטראַכט געוואָרן פאַר א זינלאָזער אוטאָפּיע.

ווייסנדיק דערפון, האב איך מיך שטאַרק אויסגעהיט פון פּראָפּאַגאַנ־דירן דערפאר עפנטלעך. איך האב מיך באשרענקט אויף צו טאָן עס פּרי־וואט און אינדיווידועל. איטלעכן, וואס איז געקומען פארשרייבן א שילער, האב איך געפרעגט אויף שילערינס, אויב ער האָט געהאט מיידלעך אין דער פאמיליע. איטלעכן איינציקן האב איך געדארפט עקספּאָנירן מיינע טענות פאר דער קאָעדוקאציע, און, הגם די ארבעט איז געווען א שווערע, האָט זי דאך געבראכט גינציקע רעזולטאַטן. ווען דאס וואלט אנאנסירט געווארן עפנטלעך, וואלט עס אויפגעוועקט טויזנטער פּאָרורטיילן, די פרעסע וואָלט עס דיסקוטירט, די קאנווענציאָנאַליזמען און די מורא פאר „וואס וועלן לייט זאגן" — די גוואלטיקע מניעה, וואָס מאכט פרוכטלאז אן אנצאל פון גוטע וואונטשן — וואָלטן גובר געווען דעם שכל, און, אויב נישט אינגאנצן צעשטערט, וואלט על כל פּנים די פארווירקלעכונג פון דער אידייע זיך אנגע־טראפן אויף פיל שוועריקייטן. אויף דעם אופן, ווי איך האב עס געטאָן, האב איך געפּועלט א קלעקנדיקע צאל יינגלעך און מיידלעך שוין באלד צו דער דערעפענונג. די צאל איז דערנאָך געוואקסן אין א באשטענדיקער פּראגרעסיע, ווי דאס ווייזן אויף די ציפערן אין באָלעטין דע לא עסקועלא מאָדערנא, און וועלכע איך וועל שפּעטער ציטירן.

די קאָעדוקאציע איז אין מיינע אויגן געווען קאפּיטאל וויכטיק. עס איז נישט נאָר געווען א נויטיקער תנאי פאר דער פארווירקלעכונג פון דעם אידעאל, וואס איך האלט פאר א רעזולטאַט פון דעם ראציאנאלן אונטער־ריכט, נאָר דער אידעאל גופא, וואס הויבט אָן צו לעבן אין דער מאָ־דערנער שול, אנטוויקלט זיך פּראגרעסיוו אָן קיין שום אויסנאמען און גיט די זיכערקייט אנצוקומען צום פארגענומענעם ציל.

די נאַטור, די פילאָסאָפיע און די געשיכטע לערנען להיפּוך צו אלע פּאָרורטיילן און צו אלע אטאוויזמען, אז די פרוי און דער מאן דערגאנצן דעם מענטשלעכן וועזן. די איגנאראנץ פון אזא תמציתדיקן און טראנסצע־דענטאלן אמת, איז געווען און איז די סיבה פון א סך צרות.

אין דעם צווייטן נומער פון באָלעטין האב איך ברייט באַ־גרינדעט דידאַזיקע מיינונגען מיט דעם פאלגנדיקן ארטיקל:

# די נויטווענדיקייט פון דעם געמישטן לימוד

דער געמישטער לימוד דרינגט אריין אין אלע קולטור־פעלקער. ביי א סך געניסט מען שוין זייט לאנג פון זיינע פראכטפולע פרוכטן.

די שטרעבונג פון דעמדאָזיקן אונטערריכט איז, אז די קינדער פוןביידע געשלעכטער זאלן האָבן אן אידענטישע דערציאונג, אז זיי זאלן אויף אן ענלעכן אופן אנטוויקלען דעם שכל, לייטערן דאס הארץ און הארטעווען זייערע ווילנס, אז די מענלעכע און ווייבלעכע מענטשהייט זאלן זיך דורכ־דרינגען פון דער קינדהייט אָן, און די פרוי זאל דערגרייכן צו זיין — נישט געזאגט, נאָר טאקע באמת, — דעם מאנס חברטע.

די פרוי איז דיין חברטע — אזוי זאגט צום מאן מיטן גאנצן צערע־מאָניאלן אפאראט א טויזנטיאריקע אינסטיטוציע, א לערערין פון אונדזער פאלקס געוויסן, ביי איינעם פון די טראנסצעדענטאלסטע אקטן פון אונדזער לעבן, בעת דער מאן און די פרוי פאריייניקן זיך דורך דער הייראט.

פוסטע ווערטער, אָן א זין און אָן ווירקלעכער און ראציאנאלער באדיי־טונג אין לעבן, ווארום אלץ, וואָס מען קאָן זען און אנטאפּן אין די קריסט־לעכע קירכעס, און ספּעציעל אין דער קאטוילישער אָרטאָדאָקסיע, איז דער פולער היפוך פון אזא חברלעכקייט. אז נישט, זאל עס זאגן א קריסטלעכע פרוי, מיט א גרוים הארץ, וואס האָט נישט לאנג, איבערפליסנדיק מיט אויפריכטיקייט, זיך ביטער געקלאגט פאר איר קירך אויף דער מאראלישער דערנידעריקונג פון איר געשלעכט אין דער מיט פון דער קהילה פון אירע אנהענגער — „מען וואלט עס געהאלטן פאר אן אפיקורסישע עזות, ווען די פרוי וואלט אין טעמפּל געוואגט צו שטרעבן צו דער מדרגה פונם לעצמן דיאקאָן".

עס וואלט געווען אן אינטעלעקטועלע בלינדקייט נישט צו זען, אז אונטער דער השפעה פונם קריסטלעכן ארט דענקען בלייבן די זאכן, אין שייכות מיט דעם פרויען־פּראָבלעם, אין דעמזעלביקן מצב, ווי די אנטיקע געשיכטע האָט עס איבערגעלאזט, אדער אפשר ערגער נאָך, און מיט זייער וואָגיקע פארערגערונגען. וואָס עס לעבט און אטעמט אומעטום אין אונדזערע קריסטלעכע געזעלשאפטן, ווי א פרוכט און שלוס פון דער פאטריארכא־לישער אנטוויקלונג, איז די צו זיך נישט געהערנדיקע פרוי, וואָס איז נישט

מער און נישט ווייניקער, ווי אן אדיעקטיוו צום מאַן, כסדר צוגעבונדן צו׳ם סלופּ פון זיין אבסאלוטער הערשאפט, אָפּטמאל... מיט גאלדענע קייטן. דער מאַן האָט זי פארוואנדלט אין אן אייביקער מינדעריעריקער. נאָכדעם, ווי ער האָט זי דערשלאָגן, איז ער לגבי איר שטענדיק נאָכגעגאנגען דעם פאַל־גנדיקן ווידעראנאנד — אָדער ער אונטערדריקט זי און מאכט איר שווייגן, אָדער ער באגייט זיך מיט איר ווי מיט א געפעסטעט קינד... נאָכן געשמאק נאָך פון דעם קאפּריזנעם האר.

אויב עס ווייזט אויס, אז עס שיינט פאר איר אויף דער מארגנשטערן פון נייעם טאָג, אויב, זינט א געוויסער צייט באשטייט זי אויף איר פרייער בחירה און קריגט אַרוים ברעקלעך אומאָפּהענגיקייט, אויב פון א שקלאַפין הויבט זי אָן איבערצוגיין, הגם מיט פארדריסלעכער לאנגזאמקייט, צו דער מדרגה פון א מינדעריעריקער, איז עס א דאנק דעם באפרייענדיקן גייסט פון דער וויסנשאפט, וואס אימפּאָנירט זיך אַנטקעגן די פעלקערלעכע מנ־הגים און וואונטשן פון די געזעלשאפטלעכע רעגירער.



די מענטשלעכע ארבעט, אויף וויפיל זי באצוועקט דאס גליק פונם מין, איז ביז איצט געווען פעלערהאפטיק — אויף להבא דארף זי זיין א געמיש־טע. זי דארף פארטרויט ווערן דעם מאַן און דער פרוי, איטלעכן פון זיין שטאנדפּונקט. מען דארף האָבן אין זינען, אז דער תכלית פונם מאַן אין דעם מענטשלעכן לעבן לגבי דער מסיע פון דער פרוי, איז אין שייכות מיט איר, נישט פון קיין נידעריקערן און נישט קיין העכערן מהות, ווי מיר פּסק־נען עס זיך פרעטענציעז צו. עס האנדלט זיך פון פארשידענע אייגנשאפטן און עס קאַן נישט געמאלט זיין קיין פארגלייך צווישן פארשידנארטיקע זאכן.

ווי א מענגע פּסיכאלאגן און סאציאלאגן באמערקן עס, האָט די מענטש־הייט צוויי פונדאמענטאלע פאזיסן: דער מאַן, וואס באטייט די אויבער־הערשאפט פון דעם געדאנק און פון דעם פּראגרעסיוון גייסט, און די פרוי, וואס גיט צו צו איר מאָראלישן פּרצוף דעם כאראקטעריסטישן שטריך פון דעם שטארקן געפיל און פון דעם קאָנסערוואטיוון עלעמענט.

מען דארף אָבער געדענקען, אז אזא ארט זיין גיט נישט קיין גינציקע

נאַרונג פאַר די אידייען פון אַלע מינים רעאַקציאָנערן, נישט עס האָט מיט זיי קיין שייכות. וואָרום אויב די אויבערהערשאַפט פון דעם קאָנסערוואַטיוון שטריך און פון סענטימענט פאַרקערפּערט זיך אין דער פרוי צוליב אַ נאַטירלעכן געזעץ, טאָר מען דערפון נישט ציען דעם כלומרשט ריכטיקן שלוס, אַז דעם מאַנס חברטע איז צוליב דער קאָנסטרוקציע פון איר אינטימען וועזן פאַרבאָטן צו דענקען וועגן דערהויבענע זאַכן, אָדער אין קעגנטייל, אַז זי זאָל אויסאיבן איר שכל אין אַ להיפּוכדיקער ריכטונג צו דער וויסנשאַפט און אויפנעמען אַבערגלויבנס און פאַרשידענע בבא־מעשיות. האָבן אַ קאָנסערוואַטיווע פּסיכיק, הייסט נישט זיין גענייגט צו פאַרשטיינערט ווערן אין איין געדאַנקען־צושטאַנד, אָדער האָבן אַ מאַניע צו אַלץ וואָס איז דער היפּוך פון דערווירקלעכקייט.

ק אָ נ ס ע ר וו י ר ן מיינט, פּשוט צו זאָגן, אויפהאַלטן, אויפהאַלטן וואָס מען האָט פאַר אונדז געשאַפן אָדער דאָס, וואָס מיר אַליין שאַפן. דער אויטאָר פון ד י ר ע ל י ג י ע פ ו ן ד ע ר צ ו ק ו נ פ ט, זאָגט, אין שייכות צו דער פרוי, אין דער באַהאַנדלטער פראַגע: „דער קאָנסערוואַטיווער גייסט קאָן אַנגעווענדעט ווערן אויפן אמת, ווי אויפן טעות; עס ווענדט זיך אָן דער זאַך, וואָס ווערט געגעבן אויף צו קאָנסערווירן. אויב מען זאָל דערציען די פרוי אויף פילאָסאָפישע און וויסנשאַפטלעכע אידייען, וועט איר קאָנסערווירנדיקער כוח דינען לטובה און נישט לרעה פון די פּראָגרעסיווע אידייען".

ווידער, איז שוין געזאָגט געוואָרן, אַז די פרוי פאַרמאָגט אַ שטאַרקן געפיל־לעבן. וואָס זי באַקומט באַהאַלט זי נישט, ווי אַן עגאָיסטישע מאַנאַפּאָליזירערין. אירע אָנשויאונגען, אירע אידייען, אַלדאָס גוטס און שלעכטס, וואָס שטעלן צוזאַמען אירע מאָראַלישע אוצרות, נעמט זי אָפּ ביי זיך און מיט גרויסמוטיקער ברייטקייט טיילט זי עס מיט די וועזנס, וואָס אידענטיפיצירן זיך מיט איר אַלס פּועל־יוצא פון דער סודותפולער ווירקונג פון סענטימענט. פון דאַנען נעמט זיך דאָס, וואָס איז באַקאַנט, ווי אַ גאַנגבאַרע מטבע — מיט דער פיינער, אומפעלבאַר אומבאַוואוסטזיניקער קונסט סוגערירן זיי זייער גאַנצן מאָראַלישן פּרצוף, זייער גאַנצע נשמה אין דער נשמה פון זייערע אויסדערוויילטע געליבטע.

אויב די ערשטע אידייען־שיכטן זיינען זאָמען פון אמת, קערנער פון

אדעקוואטע ידיעות, וואס זיינען פאַרזייט געוואָרן אין דעם קינדס באַוואוסטזיין פון זיין ערשטן, מיט דער וויסנשאַפטלעכער לופט פון זיין צייט אָטעמדיקן פּעדאַגאָג, דעמאָלט וועט דאָס אין דער פאַמיליע געשאַפענע ווערק זיין דורכוים און אַרום און געזונט.

אָבער אויב מען קאָן אין די קינדערשע יאָרן אָנשטאָפּן דעם מאָן מיט בבא־מעשות, מיט אַלערליי שקרים, מיט דעם קעגנזעצלעכן צו דער וויסנשאַפטלעכער ריכטונג — וואָס קאָן מען דערוואַרטן פון זיין צוקונפט? ווען ער וועט פון קינד זיך אַנטוויקלען צו אַ דערוואַקסענעם, וועט ער זיין אַ שטערונג צום פּראָגרעס. דאָס מענטשלעכע באַוואוסטזיין האָט אין דער קינדערשער עלטער דעם זעלביקן געבוי, וואָס זיין פיזיאָלאָגישע נאַטור — עס איז צאַרט, ווייך. עס נעמט אויף זייער לייכט, וואָס עס דערגייט צו אים פון דרויסן. אָבער מיט דער צייט קריגט דאָס פּלאַסטישע פון זיין וועזן אַ נטיה פאַרהאַרטעוועט צו ווערן. זיין פּרימיטיוווע צו שטאַרקע בויגזאַמקייט ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ פאַרהעלטנישמעסיק שטאַנדהאַפטיקן שטאַנד. פון דעם מאָמענט אָן וועט די ערשטע שיכט, וואָס די מוטער האָט אים געגעבן, נישט נאָר שטרעבן איינצוקריצן זיך אין אים, נאָר צו אידענטיפיצירן זיך מיט דעם יונגנמאַנס באַוואוסטזיין.

דאָס שטאַרק־וואַסער פון שכלדיקערע אידייען, וואָס וועלן אים סוגערירט ווערן אין געזעלשאַפטלעכן פאַרקער, אָדער פון ספּעציעלע שטודיומס וועלן אפשר קאָנען אַראָפּקראַצן פונם מענטשנס אינטעלעקט די, אין דער קינדהייט דערוואָרבענע, טעותדיקע באַגריפן. אָבער וואָס זעט זיך אָן אין פּראַקטישן לעבן אזא מין געדאַנקען־איבערבייט? וואָרום מען טאָר נישט פאַרגעסן, אַז נאָך אַלעמען בלייבן דאָס רוב באַהאַלטן אין די פאַרבאָרגנסטע ווינקלען פון האַרצן יענע מעכטיקע אַפעקטיווע נויגונגען, וואָס שטאַמען פון די ערשטע אידייען. ווי אַ רעזולטאַט, עקזיסטירט ביי דאָס רוב מענטשן, צווישן זייער דענקען און זייער האַנדלען, צווישן דעם שכל און דעם ווילן, אַ פאַרענדיקטע, טיפע, עקלהאַפטע אַנטיטעזיס, וואָס איז גורם די מערסטע איבערברוכן פון די גוטע האַנדלונגען און די פאַראַליזירונג פונם פּראָגרעס.

יענער ערשטער שיכט, וואָס מיר קריגן פון אונזערע מוטערס, איז אַזוי פאַרעקשנט, אַזוי דויערהאַפטיק, פאַרוואַנדלט זיך אויף אַזוי פיל אין דאָס

ווענטלעכסטע פון אונדזער מהות, אַז די שטאַרקסטע ענערגיעס, מעכטיק רעאַגירנדיקע כאַראַקטערן, וואָס האָבן זיך אויפריכטיק איבערגעמאַכט אין געדאַנק און ווילן, ווי נאָר זיי פּרוּוון אַריינדרינגען אין היכל פון זייער א י ך אויף צו מאַכן אַ חשבון הנפש, שטויסן זיי זיך כסדר אָן אָן יענער באַליידיקנדיקער, י ע ז ו א י ט י ש ע ר סובסטאַנץ, וואָס די מוטער האָט זיי איינגעטיילט.



די פרוי דאַרף נישט זיין איינגעשפּאַרט אין שטוב. דער קרייז פון איר טעטיקייט דאַרף זיך אויסברייטערן מחוץ פון די פיר ווענט פון איר שטוב, — דערדאָזיקער קרייז וואָלט זיך געדאַרפט שליסן דאָרט, וואו די געזעל־שאַפט דערגרייכט און ענדיקט זיך. אָבער כדי די פרוי זאָל אויסאיבן איר וואוילטעטיקע ווירקונג, טאָרן נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין עפּעס ווייני־קער פון נול די, איר דערלויבטע, ידיעות — זיי וואָלטן געדאַרפט, אין כמות און אין איכות, זיין דיזעלביקע, וואָס דער מאַן שאַפט זיך איין. די וויסנ־שאַפט וואָלט, אַריינדרינגענדיק אין דער פרוים מוח, באַלויכטן און טרעפלעך געריכטעט דעם רייכן קוואַל פון געפיל, דעמדאָזיקן בולטסטן, איר לעבן כאַראַקטעריזירנדיקן שטריך, וואָס איז ביז איצט אַ נישט קיין אויסגענוצ־טער עלעמענט, אַ גוטע בשורה פון דעם עתיד פון פרידן און גליק אין דער געזעלשאַפט.

מען האָט געזאָגט, מיט ס ע ק ר ע ט אַ נ ע ן , אַז די פרוי איז די קאָנטינואיטעט און דער מאַן איז די וועקסלונג, דער מאַן איז דער אינדי־וויד און די פרוי איז דער מין. אָבער די וועקסלונג, די פאַרוואַנדלונג אין לעבן, וואָלט נישט געקאָנט פאַרשטאַנען ווערן, וואָלט בלויז געווען אַ מאָמענ־טאַנער, צעשוואומענער און אירעאַלער איינדרוק, אויב מען וואָלט נישט געהאַט דעם ווייבלעכן פועל, וואָס פאַרפעסטיקט און געשטאַלטיקט אויס דאָס, וואָס דער מאַן פּראָדוצירט. דער אינדיווויד, וואָס דער מאַן שטעלט מיט זיך פאָר, איז ווי אַזאַ אינדיווויד, נישט מער ווי אַן איינטאָגיקע בלום, מיט אַ פאַרגענגלעכער באַדייטונג אין דער געזעלשאַפט. די פרוי, וועלכע פאַרטרעט דעם מין, איז די, וואָס האָט די מיסיע אויפצוהאַלטן, אין דעם זעלביקן מין, די עלעמענטן, וואָס בעסערן אויס זיין לעבן, און אין אָט די

עלעמענטן מוז זי, כדי ווי געהעריק צו פארשטיין זיי, זיין וויסנשאפטלעך באהאוונט.

די מענטשהייט וואלט זיך אויסגעבעסערט מיט א שנעלערן טעמפּ, זי וואלט מיט א פעסטערן און באשטענדיקערן טראָט נאָכגעגאנגען דער שטייגנדיקער באוועגונג פונם פּראגרעס און וואלט פארהונדערטפאכיקט איר וואוילזיין, ווען זי וואלט געלאזט דער פרוים שטארקן אימפּולסיוון סענטימענט צאלן זיין קאָנטריבוציע צו די אידייען, וואס די וויסנשאפט דערָאבערט.

ר י ב אָ זאגט, אז אן אידייע איז נישט מער ווי אן אידייע, א בלויזער באוואוסטזיין־פאקט, וואס שאפט גארנישט, קאן גארנישט, ווירקט גארנישט, אויב עס איז נישט קיין זינלעכקייט, אויב זי ווערט נישט באגלייט פון אן עפעקטיוון צושטאנד, אויב זי דערוועקט נישט קיין שטרעבונג, דאס הייסט — קיין באוועגנדיקע עלעמענטן.

פון דאנען איז געדרונגען, אז ווען עס באווייזט זיך אן אידייע, וואס דער וויסנשאפטלעכער געדאנק האָט געקרוינט פאר אן אמת, טאר מען זי, אויב מען וויל דינען דעם פּראגרעס, נישט לאזן אויף קיין לאנגער און נישט אויף קיין קורצער צייט אין קאָנטעמפּלאטיוון צושטאנד. דאס קאן מען אויסמיידן, ווען מען דרינגט די אידייע דורך מיט געפיל, ווען מען גיט איר ליבע, וועלכע וועט שוין נישט אפּלאזן זי און נישט רוען ביז זי וועט זי נישט פארוואנדלען אין קיין לעבן־פאקט.

ווען וועט דאס אלץ פּאסירן? — ווען עס וועט פארווירקלעכט ווערן דער שידוך צווישן די אידייען מיט דעם ליידנשאַפטלעכן און שטורמישן הארץ אין דער פרוים פ ס י כ י ק . דעמאלט וועט צווישן ציוויליזירטע פעלקער זיין א באשיינפערלעכער פאקט דער מ אָ ר א ל י ש ע ר מ אַ ט ־ ר י א ר כ אַ ט . דעמאלט וועט די מענטשהייט, פון איין זייט, אין שייכות מיט דעם פאמיליען־קרייז, פארמאגן דעם בארופענעם פּעדאגאָג, וואס וועט פורעמען אין דער אידעאַלער ריכטונג די זאמען פון די נייע דורות, און, פון דער אַנדערער זייט, וועט זי האָבן דעם אַפּאָסטאל און ענטוזיאסטישן פּראָפּאַגאנדיסט, וואס וועט איבער אלע ווייטערדיקע געפילן געבן די מענטשן צו פילן די פרייהייט, און די פעלקער — די סאָלידאריטעט.

VI

# קאָעדוקאַציע פון די סאָציאַלע קלאַסן

דאס זעלביקע, וואס פון דער צוזאמענדיקער דערציאונג פון ביידע געשלעכטער, דענק איך וועגן דער פון די פארשידענע סאציאלע קלאסן.

איך וואלט געקאנט גרינדן אן אומזיסטיקע שול. אבער א שול פאר אָרעמע קינדער וואָלט נישט געקאנט זיין קיין ראציאנאלע שול — אויב מען וואלט זיי נישט געלערנט צו גלויבן און צו געהארכן, ווי מען האָט עס געטון אין די אמאליקע שולן, וואָלט מען זיי אבער איבער גוואלט גענויגט צו מרידה, עס וואלטן ספּאָנטאַן ארויפגעקוואלן שנאה־געפילן.

וואָרום די דילעמע איז אן אומפארמיידלעכע, אין אן אויסשליסלעכער שול פארן פארוואָרלאָזטן קלאס איז נישט פאראן קיין מיטל־וועג — אדער די אונטערוואָרפנקייט א דאנק דעם דורך א פאלשן אונטעררריכט סיסטעמאטיש אונטערגעהאלטענעם שקר און אומוויסן, אדער די שנאה צו די, וואס אונטערדריקן און עקספלואטירן.

די זאך איז א דעליקאטע, און עס לוינט זי אויפצוקלערן — די מרידה קעגן דער אונטערדריקונג איז א פשוטע פראגע פון סטאטיק: פון איינפאכער גלייכגעוויכט — צווישן איין מענטשן און דעם אנדערן מענטשן, וואס ביידע זיינען זיי פולשטענדיק גלייכע, ווי די בארימטע רעוואלוציאנערע ד ע ק ל א ר א צ י ע דערקלערט עס אין איר ערשטן פאראגראף מיט דידאזיקע אומצעשטערבארע ווערטער: „די מענטשן ווערן געבאָרן און בלייבן פרייע און גלייכע אנטקעגן רעכט”, טאָרן נישט זיין קיין געזעלשאפטלעכע אונטערשידן. אויב אזעלכע זיינען פאראן איז, כל זמן די איינע מיסברויכן און טיראניזירן, מוזן די אנדערע פראטעסטירן און

האַסן — די מרידה איז אַן אויסגלייכנדיקע טענדענץ, און דעריבער איז זי ראַציאָנאַל, נאַטירלעך, און איך וויל נישט זאָגן גערעכט, מחמת די גערעכ־טיקייט איז איצט שטאַרק דיסקרעדיטירט צוליב אירע שלעכטע חברים, דאַס געזעץ און די רעליגיע.

איך וויל עס זאָגן גאַנץ קלאָר — די אונטערדריקטע, די בארויבטע, די עקספּלואַטירטע מוזן זיין רעוואָלוציאָנער, וואָרום זיי דאַרפן מאָנען זייערע רעכטן ביז זיי וועלן דערגרייכן זייער פולשטענדיקן און פולקאָמען אַנטייל אין דעם אוניווערסאַלן פאַרמעגן.

אבער די מאָדערנע שול ווירקט אויף קינדער, וועמען זי גרייט צו דורך דער דערציאונג און בילדונג צו זיין מענטשן, און זי איז נישט מקדים קיין ליבעס און קיין שנאות, קיין צושטימונגען און קיין רעוואָלטן, וועלכע זיינען פליכטן און געפילן, וואָס פּאַסן פאַר דערוואַקסענע. אין אַנדערע ווערטער: זי וויל נישט אַראָפּרייסן די פּרוכטן איידער זי ברענגט זיי אַרויס דורכן קולטיוו, און וויל נישט אַרויפלייגן קיין אחריות אויף געוויסנס, איידער זי שאַפט זיי די באַדינגונגען, וואָס דאַרפן בילדן זייער יסוד. זאָלן זיך די קינדער אויסלערנען צו זיין מענטשן, און דעמאָלט, ווען זיי וועלן עס זיין, זאָלן זיי זיך אין אַ מזלדיקער שעה דערקלערן אין מרידה.

אַ שול פאַר רייכע קינדער דאַרף מען זיך קיין סאַך נישט אָנשטרענגען אויף צו דערווייזן, אַז זי קאָן נישט זיין ראַציאָנאַל. דער כוח גופא פון די זאַכן וועט איר ברענגען צו לערנען אויפצוהאַלטן די פּריווילעגיע און אויס־צונוצן אירע פאָרצוגן.

די קאָעדוקאַציע פון רייכע און אָרעמע, וואָס שטעלט ביידן אין באַ־רירונג אין דער אומשולדיקער קינדערשער גלייכהייט און דורך דער סיס־טעמאַטישער גלייכהייט פון דער ראַציאָנאַלער שול, דאָס איז די גוטע נוי־טיקע און אויסבעסערנדיקע שול.

ביי דערדאָזיקער אידייע האָב איך מיך געהאַלטן, און איך האָב באַ־וויזן צו קריגן שילער פון אַלע סאָציאַלע קלאַסן אויף צוזאַמענצושמעלצן זיי אין דעם איינציקן קלאַס. איך האָב באַשטימט אַן אַפּצאָל־סיסטעם, וואָס זאָל זיך צופּאַסן צו די מעגלעכקייטן פון די תלמידישע עלטערן אדער אויפ־

זעער. דער שכר־לימוד איז נישט געווען קיין איינציקער, נאָר אַ מין ניוועלירנדיקער, און איז געגאַנגען פון בחינמדיקייט, מינימאַלע אָפּצאָלן, מיטעלע ביז מאַקסימאַלע.

אין שייכות מיט דעם קעגנשטאַנד פון דעם קאַפּיטל, האָב איך פאַרעפנטלעכט דעם פאָלגנדיקן אַרטיקל אין באַרסעלאָנער ל אַ פּ ו ב ל י ס י ד אַ ד, דעם 10־טן מאַי 1905 י. און אין ב אָ ל ע ט י ן:

## די מאָדערנע פּעדאַגאָגיע

אונדזער פריינט .D. R. C האָט לעצטן שבת געהאַלטן אַ רעפעראַט אין דעם ר ע פּ ו ב ל י ק אַ נ י ש ן ב י ל ד ו נ ג ס־צ ע נ ט ע ר אויף דער גאַס ד ע ל אַ ע ס ט ר ע ל י אַ (ג ר אַ ס י אַ), אויף דער טעמע, וואָס באַטיטלט דידאַקטיקע שורות, דערקלערנדיק דעם עולם, וואָס אַזוינס איז דער מאָדערנער אונטערריכט און די נוצן, וואָס די געזעלשאַפט קאָן פון אים אַרויסקריגן.

היות איך באַטראַכט דעם קעגנשטאַנד פאַר אויסערגעוויינלעך אַקטועל און אינטערעסאַנט און פאַר ראוי, מער ווי אַסאַך אַנדערע, צוצוציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער עפנטלעכקייט, האַלט איך פאַר נוציק איבערצוגעבן דורך דער פּרעסע מיינע איינדרוקן און נאָכטראַכטונגען. איך וויל בייטראַגן צו דער אויפקלערונג פון טראַנסצענדענטאַלסטע אמתן, און דעריבער זאָג איך, אַז דער רעפערענט האָט אונדז אויסגעוויזן צו זיין זייער טרעפלעך מיט זיין עקספּאָזע, אָבער נישט בנוגע די געעצהטע מיטלען אַגיף צו פאַרווירקלעכן אים, נישט בנוגע די ביישפּילן פון בעלגיען און פראַנקרייך, וואָס ער האָט פאָרגעשטעלט פאַר מוסטערן, וואָס זיינען ראוי נאָכגעאַמט צו ווערן.

דער ה׳ .C פאַרטרויט די אויפבויאונג, איינריכטונג און אָנפירערשאַפט פון די שול־אַנשטאַלטן בלויז דעם שטאַט, די פּראָווינציעלע ראַטן און די מוניציפּאַליטעטן. דאָס איז אַ גרויסער טעות, נאָך מיין מיינונג נאָך, וואָרום אויב די מאָדערנע פּעדאַגאָגיע באַטייט אַ נייע ריכטונג צו אַ ראַציאָנעלערע, דאָס הייסט, צו אַ גערעכטער געזעלשאַפט, אויב מיט דער מאָ־

דערנער פעדאָגאָגיע זיינען מיר מכוון צו דערציען און צו בילדן די נייע דורות, דערווייזנדיק, פאראיינוועגס, די סיבות, וואָס האָבן געמאַכט און מאַכן פארלירן די געזעלשאַפטלעכע גלייכגעוויכט, אויב מיט דער מאָדער־נער פעדאַגאָגיע מיינען מיר צוצוגרייטן א גליקלעכע מענטשהייט דורך באַ־פרייען זי פון איטלעכער רעליגיעזער פיקציע און פון איטלעכן גערדאַנק פון אונטערוואַרפן זיך אונטער א נויטיקער סאָציאַל־עקאָנאָמישער, אומגלייכ־הייט, טאָרן מיר זי נישט פארטרויען דעם שטאַט אדער אנדערע אפיציעלע אָרגאַניזמען, וואָס זיינען א שטיץ־פונקט פאַר די פריווילעגיעס און על פּי כרחם אויפהאַלטער און באַוועגער פון די אלע געזעצן, וואָס סאַנקציאָנירן די עקספּלואַטאַציע פון דעם מענטשן דורך דעם מענטשן, דער אומגערעכ־טער יסוד פון די ערגסטע מיסברויכונגען.

עס איז פאראַן אַזאַ שפע אויף די באַווייזן פאַר אונדזער באַשטע־טיקונג, אַז איטלעכער איינציקער קאָן זיך אנשטויסן אויף זיי, באַזוכנדיק די פאַבריקן, וואַרקשטאַטן און וואו נאָר עס געפינען זיך לוין־אַרבעטער. זאָל מען זיך נאָכפרעגן, ווי עס לעבן די, וואָס געפינען זיך אויבן און די, וואָס געפינען זיך אונטן. זאָל מען נאָר בייזיין ביי די מינדלעכע משפּטים אין אלע פּאַלאַצן פון דער אַזוי גערופענער גערעכטיקייט איבער דער גאַנ־צער וועלט, און זאָל מען זיך פרעגן ביי די אַרעסטאַנטן, אין אלערליי שטראָף־אנשטאַלטן, וועגן די מאָטיוון פון זייער תּפיסה.

אויב די אלע ראיות וועלן נישט קלעקן אויף צו דערווייזן, אַז דער שטאַט שיצט די פאַרכאַפּער פון געזעלשאַפטלעכן פאַרמעגן און פאַרפאַלגט די, וואָס רעוואָלטירן קעגן אַזאַ אומרעכט, וועט דעמאָלט קלעקן צו דער־וויסן זיך, וואָס עס טוט זיך אין בעלגיען. לויט דעם ה׳ .C, איז דאָס א לאַנד, וואָס איז באַשענקט מיט דער מלוכהשער שוץ פון דעם אָפיציעלן אונטער־ריכט, וועלכע איז אויף אַזאַ מין אופן טרעפלעך, אַז דער פּריוואַטער אונ־טעררייכט ווערט אומענגלעך. די אָפיציעלע שול, זאָגט דער ה׳ .C, ווערט באַ־זוכט פון די קינדער פון די אָרעמע און פון די רייכע און עס איז א פאַר־געניגן צו זען, ווי א גבירישע קינד גייט אַרוים געאָרעמט מיט אַן אָרעמען חבר. מיר וועלן צוגעבן, אַז עס איז אמת, אַז אין די בעלגישע אפיציעלע שולן קאָנען קומען אלערליי שילער, אָבער, מען מוז באַמערקן, אַז די ביל־

דונג, וואס ווערט דארטן געגעבן, איז באזירט אויף דער נויטווענדיקייט, אז שטענדיק זאלן זיין רייכע און ארעמע און אז די געזעלשאפטלעכע הארמאָניע באשטייט אין אויספאלגן די געזעצן.

בכן — וואס נאָך וואלטן זיך די בעלי־בתים געקאָנט ווינטשן, ווי, אז דערדאָזיקער אונטערריכט זאל געגעבן ווערן אומעטום? ווארום זיי וואלטן שוין גוט אכטונג געגעבן אויף צו מאכן פארנינפטיק די, וואס וואלטן אמאָל רעוואלטירט, אזוי ווי זיי האָבן נישט לאנג געטאָן אין בריוסעל און אנדערע בעלגישע שטעט, וואו די גבירישע קינדער האָבן, גוט באוואפנטע און אָרגאניזירטע אין דער נאַציאָנאַלער מיליץ, אויסגעשאָסן די ארבעטער־קינדער, וואס האָבן געוואגט צו פאדערן אלגעמיינעם וואל־רעכט. ווידער, אונטערשיידן זיך מיינע אינפארמאציעס בנוגע דער דערהויבנקייט פון בעלגישן אונטערריכט גאנץ שטארק פון די, וואס דער ה׳ .C האָט אנגעגעבן. איך האב פאר מיר עטלעכע נומערן פונם ליעזשער ל׳עקספרעס, וואס ווידמעט דעם קעגנשטאנד אן אפטיילונג אונטערן נאָמען „דער חורבן פון אונדזער עפנטלעכן אונטערריכט”, אין וועלכער עס ווערן אנגעגעבן דאטן, וואס זיינען, צום אומגליק, זייער ענלעך אויף דעם, וואס עס פאסירט אין שפאניען. שוין נישט ריידנדיק דערפון, וואס זינט א געוויסער צייט האָט זיך דארטן גענומען שטארק אנטוויקלען דער קאנגרעגאציע־אונטערריכט, וואס איז, ווי די גאנצע וועלט וויים, די סיסטעמאטיזירונג פון דעם אומוויסן. סוף כל סוף, הערשט נישט אומזיסט אין בעלגיע אן אונטערגעשטראכן קלעריקאלע רעגירונג.

וואס איז נוגע דעם מאָדערנעם אונטערריכט, וואס ווערט געגעבן אין דער רעפובליקאנישער פראנקרייך, וועלן מיר זאגן, — אז קיין איין בוך פון די, וואס ווערן באנוצט אין די שולן, קאן נישט טויגן פאר קיין באמת וועלטלעכן לימוד. מיר וועלן צוגעבן, אז אין דעם זעלביקן טאג, וואס דער ה׳ .C האָט גערעדט אין גראסיא, האָט די פאריזשער צייטונג ל׳אקטיאן פארעפנטלעכט אונטערן נאָמען „ווי אזוי די וועלטלעכע מאָראל ווערט געלערנט”, גענומען פון בוך ''Recueil de maximes et pensées morales'' עטלעכע לעבערלעך אנארכאָנישע געדאנקען, וואָס שאָקירן דעם עלעמענטארסטן גלייכן שכל.

נו, וועט מען אונדז פרעגן, — וואָס וועלן מיר טאָן, אויב מיר האָבן נישט די שטיצע פונם שטאַט, פון די פּראָווינציעלע ראַטן אָדער פון די מוניציפּאַליטעטן?

גאָר פּשוט, מיר וועלן זי בעטן ביי די, וואָס זיינען פאַרינטערעסירט אין דעם איבערבייט פון לעבנס־אופן: ביי די אַרבעטער אין דער ערשטער ריי, און דערנאָך ביי די אינטעליגענטן און פּריווילעגירטע מיט גוטע געפילן, וואָס, אויב נישט בשפע, קאָן מען דאָך טרעפן. מיר קאָנען אייניקע.

דער זעלביקער ה' .C האָט זיך באַקלאָגט אויף דער שוועריקייט און פאַרציעניש מצד דער מוניציפּאַליטעט נאָכצוגעבן די ביי אים געפאָדערטע רעפאַרמען. איך בין איבערצייגט, אז אין וויינקער צייט וואלט מען געקאָנט אויפקלערן דעם אַרבעטער־קלאַס, אז ער דאַרף אַלץ דערוואַרטן פון זיך אַליין.

דער באַדן איז גוט צוגעגרייט. זאָל מען באַזוכן די אַרבעטער־פאַריינען, די רעפּובליקאַנישע ברודער־פאַרבאַנדן, בילדונגס־קרייזן, אַרבעטער קולטור אַנשטאַלטן און אַלע קערפּערשאַפטן, וואָס זיינען פאַרינטערעסירט אין דער באַפרייאונג פון דער מענטשהייט, און זאָל מען דאָרטן ריידן מיט דער שפּראַך פונם אמת, עצהנדיק זיי איינהייט, די אַנשטרענגונג און די באַשטענדיקע אויפמערקזאַמקייט אויף דער פּראָבלעם פון בילדונג, פון דער ראַציאָנעלער און וויסנשאַפטלעכער בילדונג, פון דער בילדונג, וואָס דערווייזט די אומרעכט פון די פּריווילעגיעס און די מעגלעכקייט צו מאַכן זיי פאַרשווינדן, אויב אויף דעם באָדן וואָלטן אַריענטירט זייערע אַנשטרענגונגען אַלע פּריוואַט מענטשן און קערפּערשאַפטן, וואָס באַגערן באמת די באַפרייאונג פון דעם ליידנדיקן קלאַס — וואָרום נישט בלויז די אַרבעטער ליידן — וואָלט דער ה' .C געמעגט זיין זיכער, אז דער רעזולטאַט וואָלט געווען א פּאָזיטיווער, א זיכערער און א שנעלער. דאַס, וואָס ער וועט אַרויסקריגן פון די רעגירונגען, וועט אָנקומען שפּעט און וועט צו מער נישט טויגן, ווי אויף צו פאַרבלענדן, מיסטיפיצירן די כוונות און צו פאַרייביקן די הערשאַפט פון איין קלאַס איבערן אַנדערן.



## VII

# שול היגיענע

וואָס שייך דער היגיענע, איז שפּאַניען נאָך אַלץ אונטער דער שליטה פון דער קאַטוילישער אומציכטיקייט.

סאַן אַלעכאָ און סאַן בעניטאָ לאַבראַ זיינען נישט די איינציקע און נישט די וויכטיקסטע חזירים אויפן צעטל פון די כלומרשטע איינוואוינער פון הימלישן קעניגרייך, נאָר בלויז פון די פּאָפּולערסטע צווישן די אומציילִיקע מנוולדיקע מייסטער פון דער חזיריי.

ביי אַזעלכע מוסטערן פון שלימות, און ביי אַזאַ עם־הארצות, וואָס איז אויף אַזאַ געשיקטן און געמיינעם אופן אונטערגעהאַלטן געוואָרן פון דעם אַמאַליקן קלער און קעניגטום און ווערט נאָך איצט מיט אַלע כוחות אויפגעהאַלטן פון דעם ליבעראַלן און אַפילו דעמאָקראַטישן בירגערטום, — וואָס פאַר אַ וואונדער קאָן דאָ זיין, וואָס די קינדער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו באַזוכן אונדזער שול, האָבן זיך זייער נישט אויסגעצייכנט אין ענין פון ריינלעכקייט; די אומציכטיקייט איז געווען אַן אַטאַווישע.

מיר האָבן די אומריינקייט באַקעמפט פּאַרזיכטיק, אָבער סיסטעמאַטיש. מיר פלעגן אויפווייזן די קינדער, ווי ווידערדיק עס איז אונדז איטלעכע אומריינע זאַך, איטלעכע שמוציקע חיה אָדער אומציכטיקער מענטש. להיפוך, פלעגן מיר זיי אָנווייזן אויף די אָנגענעמע און סימפּאַטישע געפילן, וואָס די ריינלעכקייט רופט ביי אונדז אַרויס, ווי עס ציט אינסטינק־

טיוו צום ציכטיקן מענטשן, און ווי עס שטויסט אָפּ פון פאַרפּעצטע און שלעכט שמעקנדיקע. דערנאָך פּלעגן מיר זיי אויפקלערן, ווי אָנגענעם אונדז דאַרף זיין אַרויסצורופן צו זיך יענעמס סימפּאַטיע, און סאַראַ בזיון עס איז, ווען איינעם מוז ווערן עקלדיק צו קוקן אויף אונדז.

ביסלעכווייז, פּלעגן מיר איבערגיין צו באַהאַנדלען די ריינלעכקייט, ווי אַ שיינהייטס - אָביעקט, און די שמוציקייט, ווי אַ כאַראַקטעריסטיק פון מיאוסקייט, און פּלעגן שוין דערנאָך אַנטשידן אַרויפגיין אויפן היגיענישן באָדן: מיר פּלעגן באַהאַנדלען די אומציכטיקייט, ווי אַ סיבה פון קראַנקהייטן און אַ סכנה פון כסדרדיקע אָנשטעקונגען, וואָס קאָנען זיך אַמאָל נישט אָפּשטעלן, ביז זיי פאַרורזאַכן אַן עפּידעמיע, און אַרומריידן וועגן דער ריינלעכקייט, ווי וועגן וויכטיקסטן פאַקטאָר פון געזונט. אויף אַזאַן אופן, איז אונדז נישט שווער אָנגעקומען צו געווינען דעם קינדס ווילן פאַר דער ריינלעכקייט און, דרך אגב, צוצוגרייטן זיין אינטעלעקט פאַרן וויסנשאַפטלעכן פאַרשטיין פון דער היגיענע.

דערדאָזיקער לימוד פּלעגט אויך האָבן אַ השפּעה אויף די פאַמיליעס, וואָרום די קינדער האָבן גענומען שטעלן אַזעלכע פאָדערונגען, וואָס האָבן געמוזט צעשטערן די הויזלעכע רוטין. איין קינד פּלעגט צושטיין, מען זאָל אים אַרומוואַשן די פּיס; אַן אַנדערן האָט זיך פאַרגלוסט אַ באָד; דער האָט גענומען בעטן אַ ציין-בערשטל און פּודער; יענעם איז געוואָרן אַ חרפּה צו טראָגן אַ פלעק און נאָך איינער איז גאָר אַרויס מיט אַ פאָדערונג, אַז מען זאָל אים איבערבייטן שוך און קלייד. די אָרעמע מוטערס, וואָס זיינען, נעבעך, געווען פאַריאָגט פון זייערע טאָג-טעגלעכע פליכטן און, אפשר, דערשלאָגן פון די האַרטע לעבנס-תנאים פון דער הייניקער געזעלשאַפט, און דערצו נאָך באַאיינפלוסט פון דער רעליגיעזער אומציכטיקייט, פּלעגן זיך באַמיען איינצושטילן אַזאַ בהלה. אָבער סוף כל סוף פלעגט גובר זיין דאָס נייע לעבן, וואָס דעם קינדס אידייע האָט אַריינגעבראַכט אין שטוב, ווי אַ פרייִלעכע בשורה פון דער צוקונפטיקער דערלייזונג, וואָס וועט קומען פונם ראַציאָנאַלן אונטערריכט.

איך לאָז איבער די באַגרינדונג פון דער שול-היגיענע פאַר פולקאָם קאָמפּעטענטע מענטשן, און גיב דאָ דעריבער די פאָלגנדיקע צוויי אַר-

טיקלען, וואָס זיינען געווען פאַרעפנטלעכט אין באַלעטין דעלאַ עסקועלאַ מאָדערנאַ:

# היגיענישע שוץ פון די שולן

## די איינפירונג דערפון דורך פּריוואַט-פּערזאָנען

אומעטום הערט זיך דיזעלביקע טענה. פון אומעטום קומט אַרויף דער זעלביקער אויסגעשריי: „פון אַכצן מיליאָן שפּאַניער, זענען צען אַנאַלפאַבעטן. אונדז, שפּאַניער, פּטרט אַוועק דער מאַנגל אין בילדונג און אין דערציאונג". דער געשריי שטאַמט אַרויס פון דערווירקלעכקייט, ער קאָן שוין נישט זיין גערעכטער. איך וואָלט צוגעגעבן, אַז אונדז, שפּאַניער, פּטרט אַוועק די רוטין און דער אומצוטרוי צו דער אַרבעט. צוליב ביידע זאַכן, בלייבן גאַנצע נעגנטן פון אונזער האַלב-אינזל מיט יענער פּרוכטלאָזער גרויער שאָלעכץ, וואו עס שפּראָצט קוים-קוים אַ שטרויאיק און שיטער גרעזל, וואָס מאַכט זיי נאָך ענלעכער צו די מדברדיקע פּלאַכן. נישט דער אַקער און נישט דער קולטיוו האָבן זינט לאַנגע יאָרן אויפגערירט דעם באָדן אָדער אויפגעטרייסלט זיין אינערציע, און אָט האָט איר פאַר זיך דידאַזיקע טויזנטער אומפּראָדוקטיווע העקטאַרן לגנאַי פאַר דער באַרימטער פּרוכטבאַרקייט פון אונדזער ערד. און איך זאָג דאָס נישט אָנטקעגן די קאַטאַלאַנען, ווייל דאָ איז אַ חיות צוצוזען, ווי אויף די געוואַנטסטע באַרג-שפּועים, אָדער אויף די העכסטע באַרג-שפּיצן וואַקסט דער אייילבערט-בוים, דער וויינגאָרטן, דער ווייץ און דער באָקסער-בוים — אַ סימן פון מי און פון קאַמף, וואָס שטעלט זיך נישט אָפּ ביז ער קריגט אַרויס זאַפט פון פעלזן.

זאָל מען אין אַ מזלדיקער שעה פּראָפּאַגירן פאַר דער בילדונג, זאָל מען זי מאַכן אָבליגאַטאָריש פאַר יענע אָפּגעלאָזטע בירגער. אָבער דאָס סאַנקציאָנירן אַ געזעץ און נישט שאַפן דערביי קיין גאַראַנטיעס פאַר זיין דורכפירונג זעט מיר שוין נישט אויס אַזוי צופרידנשטעלנדיק. ווי אַ מעדיקער, האָב איך אַ סך מאָל געהאַט געלעגנהייט אָפּצושאַצן, ווי פאַר-

וואָרלאָזט אונדזערע קינדער געפינען זיך אין אונדזערע שולן בנוגע הי־
גיענע. מיך האָט טיף גערירט די פאַרצווייפלונג פון אַ פּאָטער, ביי ווע־
מען אַ זון איז געשטאָרבן פון אַ קראַנקהייט, וואָס ער האָט געקראָגן אין
אַ שול, אַ קראַנקהייט, וואָס וואָלט געקאָנט אויסגעמיטן ווערן.

זיינען די קינדער אין אונדזערע שולן געגוג באַשיצט, אַז אַ מו־
טער זאָל רואיק לאָזן אַהין אַלע פרימאָרגן איר ליב וועזן, וואָס, כל זמן
זי האָט אים אָנגעהאַלטן אין איר שויס, איז ער געוואַקסן געזונט, און, ווען
ער האָט אָנגעהויבן צו גיין אין שול, איז ער געוואָרן קרענקלעך?

די עפּידעמיעס אין די שולן דעקן אויף אָט די סכנות, אָבער עס זיינען
נאָך פאַראַן אַנדערע אָנשטעקונגען, וואָס קומען פאָר אין דער שטיל,
און וואָס, מהאי טעמא טאַקי, פאַרורזאַכן זיי אַ גרעסערע צאָל קרבנות,
בעת דאָסדאָזיקע שטילשווייגן רופט נישט אַרויס קיין אינטערווענץ
אויף זיי צו פאַרמיידן.

מיט עטלעכע חדשים צוריק האָב איך באַהאַנדלט, צוליב אַ פּשוטן
צופאַל, מסתמא, דריי קינדער, קראַנקע אויף דיפטעריט; אַלע דריי האָבן
באַזוכט די זעלביקע שול. קאַנוואולסיע, מאָזלען, סקאַרלאַטין און אַנדערע
חולאתן טרעפן זיך אָן אין שול מיט דעם פּרוכטבאַרסטן באָדן פאַר אַן עפּי־
דעמישן אויסברוך, וואָרום די דאָרטן פאַרזאַמלטע קינדער, וואָס זיינען
איינגעשפּאַרט אין דער זעלביקער סביבה, קומען דערנאָך אַהיים און שטעקן
אָן זייערע עלטערע און יינגערע ברידערלעך. אַזוי ווירקט די אָנשטעקונג
אַפילו אויף די זויג־קינדער, אויף די נאָר וואָס געבאָרענע גופא. צייטנ־
ווייז דערגייט עס אַזש צו די עלטערן.

די שווינדזוכט ווערט אויף דעם אופן איבערגעגעבן.

צו דידאָזיקע שרעקלעכע חולאתן, מעג מען צורעכענען: די האָר־
קראַנקהייטן, אויגן־שוואַכקייטן, קרעץ, היסטעריע, א. א. וו. א. א. וו.,
וועלכע קומען כמעט שטענדיק אַרויס פון דער שול.

די ענגשאַפט, אין וועלכער די שול־קינדער געפינען זיך, דאָס באַנוצן
דעם זעלביקן קלאָזעט, דאָס זעלביקע גלאָז, דער אויסטויש מיט די
העפטן און פען־האַלטערס, וועלכע גייען אום פון האַנט צו האַנט און
פון מויל צו מויל, די קעגנזייטיקע מתנות פון ברויט און נאַשערייען, —

דאָס אַלץ איז פאַרן קינד געפערלעכע אויסמישונג. פאַראַן עלטערן, וואָס האָבן זיך נישט ווילנדיק געמוזט אַפּזאָגן פון בילדן זייערע קינדער אין די שולן, מחמת זיי פלעגן דאָרטן אַלע וויילע ווערן פאַרשלאָפּט. ווען מען וואָלט נאָכגעקוקט די שול - בנינים און מעבל, וואָלטן זיך גאַנץ וויי-ניק אַרויסגעוויזן פאַר צופרידנשטעליק אַפילו פאַר דער קלענסטער היגיע-נישער אָרגאַניזאַציע. אָבער ניט וועגן דעם האַנדלט זיך דאָ. לאָמיר זיין פּראַקטיש. ווען מיר וואָלטן אַפילו פאַרמאָגט דעם גרויסן קאַפּיטאַל אויף אויפצושטעלן נייע שולן, בהסכם מיט די אָנווייזונגען פון אַ הי-גיעניסט, וואָלטן מיר דאָך מיטאַמאָל נישט איבערגעריסן די לימודים פאַר דער צייט, וואָס עס וואָלט געדויערט דאָס צעוואַרפן און אויס-בויען פון די בנינים.

בכן, וויבאַלד מיר זיינען געצוואונגען צו באַנוצן דעם פאַראַנענעם מאַטעריאַל, גלויב איך, אַז מען וואָלט אים, אָן גרויסע אָנשטרענגונגען, געקאָנט אויסבעסערן מיט בלויז איינפירן דעם ה י ג י ע נ י ש ן ש ו ץ און א ו נ ט ע ר ר י כ ט אין די שולן. מען דאַרף נישט האָבן קיין פּראַכטפולע פּאַלאַצן. אויף צו פאַרשפּרייטן בילדונג, קלעקן גערוימע צי-מערן מיט אַ סך ליכט און גוטער לופט, וואו די שול - קינדער זאָלן זיין געשיצט.

אין אַנדערע לענדער האָט די התחלה פאַר דערדאָזיקער רעפאָרם גע-מאַכט די רעגירונג, דאָ... ווייזט מיר אויס, אַז די איניציאַטיוו פון יחידים קאָן פאַרריכטן דידאָזיקע פעלערן לטובת זייערע אייגענע אינטערעסן. די שול - לערער וועלן געפינען מעדיקער, וואָס וועלן זיי אונטערקומען אין דעם שול - היגיענישן קאַמפּיין. די שול - אָנפירער וועלן, מיט אַ קליינער אָנשטרענגונג, קאָנען געפינען די מיטווירקונג פון די מעדיקער. און אויב זיי זאָלן זיך אַפילו דאַרפן אַ ביסל אָנשטרענגען, מעגן זיי נעמען אין אַכט, אַז דידאָזיקע פּאַרויסזעאונג וואָלט זיך זיי באַצאָלט. זיי ליידן אַ היזק, ווען אַ קינד ווערט קראַנק, פעלט אין שול און פאַרפעלט צו צאָלן שכר־לימוד פאַר אַ חודש, אָבער זייער היזק ווערט נאָך גרעסער, ווען דאָס קינד שטאַרבט און ווערט אַן אָפּגעמעקטער קליענט אויף שטענדיק.

עס קאָן נאָך געמאַלט זיין, אַז דער קרעדיט פון אַנשטאַלט זאָל נאָך

ליידן פון אַזעלכע פאַרמינערונגען. אַנומלט, האָט אַ זייער אַקרעדיטיר־טע שול, אַרום אונדזער געגנט, געמוזט אַוועקשיקן אַהיים אַ מענגע שילע־רינס, מחמת ביים אָנהויב שול־יאָר האָט זיך אַנטוויקלט אַ סקאַרלאַטין־עפּידעמיע. עס וואָלט דאָך אַ סך בעסער געווען, ווען מען וואָלט דורך ה י־ג י ע נ י ש ן ש ו ץ אויסגעמיטן יענעם הכנסה־פאַרלוסט און די יסורים פון די תלמידים.

זאָלן זיך, אַלזוי, די אייגנטימער פון שולן און שטאַטיקע לערער פאַר־טראַכטן וועגן איינפירן אָט די לייסטונג, נישט רעכענענדיק זיך לחלוטין מיט די רעגירער. דאָ וועלן מיר גאָרנישט פועלן אין דעם ענין, כל זמן מען וועט נישט פאַרעפנטלעכן אַזעלכע נאָטיצן, ווי די פאָלגנדיקע: "דער ניו־יאָרקער מ ע ד י צ י נ י ש ע ר ש ו ל ־ א ו י פ ז י כ ט האָט צייטווייליק אויסגעשלאָסן אין אַ וואָך פון לעצטן סעפּטעמבער 100 שי־לער: פון זיי האָבן 35 געליטן אויף אויגן־אויסשיט, 16 אויף טראַ־כאָם, 15 אויף הויט ־ קראַנקהייטן, א. א. וו." אויף אַזאַן אופן וואָלט מען שוין יאָ געקאָנט שיקן רואיק די קינדער אין שול!

דערדאַזיקער שוץ איז אויסן אַ דורכויס געזעלשאַפטלעכן ציל, דעם פונדאַמענטאַלן און אומבאַדינגטן תנאי פאַר דער ווירקזאַמקייט פון דער גייסטיקער דערציאונג. די אָרגאַניזאַציע פון דערדאָזיקער לייסטונג, מיט וועלכער עס וואָלט זיך אין איטלעכער שול געדאַרפט אָפּגעבן אַ מעדי־קער, איז כולל פאָלגנדיקע פונקטן:

1. ה י ג י ע נ ע פ ו ן ד ע ר ג ע ב י י ד ע. — אין שייכות מיט דעם, וועט ער אַכטונג געבן אויף דער פאַרטיילונג פון די לאָקאַלן, באַלייכטונג, ווענטילאַציע, באַהייצונג, לופט־שטראָמען, נעבוי פון די קלאָזעטן, א. א. וו. דידאָזיקע שול־עלעמענטן זאָלן זיך, ווי ווייט מעג־לעך, צופּאַסן צום פּעדאַגאָגישן פּראָגרעם.

2. פ א ר ה י ט ו נ ג פ ו ן אָ נ ש ט ע ק נ ד י ק ע ק ר אַ נ ק־ה י י ט ן. — אַ לייכטער הוסט, אַ גרינגער פיבערל, אויגן־רויטקייט, אַן אַבנאָרמאַלער האָר־שופּן דאַרפן פאַר אים זיין אַ מאָטיוו פאַר אַ פּערזענלעכער אויספאָרשונג און אויף צו פאַראָרדענען פאַרהעלטנישמעסיק אָפּצוזונדערן דעם פאַרשוואַכטן שילער. בנוגע דעם וועט מען דאַרפן די

מיטהילף פון די פאמיליעס, זיי זאָלן נישט אויסבאהאלטן קיין מאָזלען, קייכהוסט און אנדערע שוואכקייטן, אויף וועלכע די שילערס ברידער קאָנען ליידן. א פּאָרזיכטיקע איזאָלירונג קאָן אויסמיידן די קראנקהייטן זאָלן זיך נישט איבערגעבן אין שול. אין א קראנקהייטס־פאל, וועט דער מע־דיצינער באשטימען נאָך וויפיל צייט און מיט וועלכע פּאָרזיכטס־מיטלען דאָס קינד קאָן זיך צוריקקערן אין שול, אָן געפאר פאר זיינע חברים.

3. נאָרמאלע פונקציע פון די אָרגאנען און וואוקס. — דורך פּעריאָדישן מעסטן און וועגן, וועט מען וויסן אויף זיכער, צי דאָס קינד אנטוויקלט זיך גוט און צי ער קריגט נישט קיין פעלערהאפטע פּאָזיציעס, וואָס קאָנען בלייבן אויף שטענדיג, ווי קורצ־זיכטיקייט, שיקלדיק קוקן א. א. וו. דאס וועט ברענגען דער פאמיליע פיל נוצן.

די מוטער, פארנומען מיט דער שטוב־ארבעט, און דער פאָטער, ארייננגעטאָן אין זיינע געשעפטן, כאפּט מען זיך נישט, צי דאָס קינד הינקט צו, צי זיין רוקן־ביין הויבט זיך אָן אויסצובויגן, אָדער צי ער האלט דאָס בוך צו נאָנט צו די אויגן. ווען זיי כאפּן זיך שוין, איז דער פעלער שוין א לאנגאָניקער אָדער ער איז שוין אזוי איינגעזעסן, אז צו פאררינכטן אים דארף מען שוין לייגן גרויסע הוצאות און אפשר פאָדערט עס שוין געוויסע קרבנות. דידאָזיקע אויפזיכט וואָלט אויסגעפילט א גרויסן חלל ביי א סך פאמיליעס. אין דעם פאל וועט דעם מעדיקערס אויפגאבע זיך באשרענקען אויף וואָרענען די עלטערן אויפן געפאר, כדי זיי זאָלען זוכן הילף ביי זייער באטרעפנדיקן מעדיקער.

4. פיזישע דערציאונג און צופּאסונג פון די לימודים צו דער אינטעלעקטועלער אויפנאמס־פעאיקייט פון איטלעכן קינד. — דאָס וועט דורכגעפירט ווערן בהסכם מיטן לערער. דורך דערדאָזיקער אויפזיכט וועט מען פארשפּאָרן די קינדער די אלע קאָפּ־ווייטיקן, שלאָפלאָזיקייטן, די קינדערשע נערוואסטעניע און די שאָדנס, וואָס זיינען פארורזאכט דורך איבערארבעט. דערנאָך זאל מען גראדואירן די פיזישע איבונגען (גימנאסטיק) און די גייסטיקע ארבעטן.

5. סאַניטאַרע דערציאונג און בילדונג. — וועכנטלעך, אדער צוויי־וועכנטלעך, זאָלן פאַר די קינדער געהאַלטן ווערן רעפעראַטן איבער היגיענע, און מען זאָל זיי צוגעוואוינען צו היגיענישער אויפפירונג, ווי וואַשן די הענט און דעם מויל, בעדער, שווימען, רייניקן די נעגל, א. א. וו.

ווי יונג דאָס שול־קינד זאָל נישט זיין, מוז עס קריגן אָט די דערציאונג און אָט די בילדונג. דידאַקטישע באַגריפן זיינען נישט צו הויך פאַר זייער פאַרשטאַנד. אַלץ איז געווענדט אָן דעם אופן, ווי אַזוי מען קלערט עס זיי אויף. באַגרייפנדיק די עכסטע וויכטיקייט דערפון, האָט דער לעצטער, אין בריוסעל אָפּגעהאַלטענער, אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס פאַר היגיענע פאַראָרדנט דעם דאָזיקן לימוד, — און אַ סך אָנגעזעענע אויסלענדישע מעדיקער פירן עס דורך, און פילן זיך דערביי נישט פאַר קיין אַראָפּגענידערטע פון זייערע געהויבענע מדרגות. אין אונדזער לאַנד האָב איך געפּרואווט נאָכצואָמען די אַזוי לויבנסווירדיקע אויפפירונג. ווען אַ קינד לערנט זיך אויס ליב צו האָבן זיין געזונט, באַמיט עס זיך עס צו פאַרהיטן, און גיט איבער אינדערהיים די אויסגעלערנטע עצות צו זיינע עלטערן און פריינט, און עס ווערט דורכגעפירט אַ לוינענדיקע שול־אויסשפּרייטונג.

ווען זיין צייט וועט קומען, וועט ער רעגירן זיינע קינדער מיט פאַרשטענדעניש. אפשר וועט ער זיין אַ מיטל אויף אָפּצואוויינען די געזעלשאַפט פון פּריוואַטן און קאָלעקטיוון זעלבסטמאָרד. איבער די סאָציאַלע תנאים פון אונדזער ראַסע, וועט אפשר אין שפּאַניען דער דאָזיקער לימוד זיין פּרוכטבאַרער, ווי אין אַנדערע לענדער.

און 6. רעדאַקציע פון אַ ביאָלאָגישן העפט. — מיט דעם מיינט מען נאָטאַציעס פונם שול־קינדס אַנטוויקלונג און פון די חולאתן, אויף וועלכע ער האָט געליטן. חוץ דער עטנישער און אַנטראָפּאָלאָגישער באַדייטונג דערפון, האָט אָט די פּערזענלעכע געשיכטע אַ זייער פּראַקטישע אָנווענדונג. למשל: עס צעבושעוועט זיך אַ שנעלערע אדער לאַנגזאַמערע עפּידעמיע פון טיפוס, קייכהוסט, מאָזלען, א. א. וו. דאָס צושליסן די שולן, וואָס דאָס איז דער געוויינלעך

אנגענומענער פּאָזיכטס - מיטל, לייזט נישט דאָס פּראָבלעם און וועט דערצו גאַנץ ערנסט געטאדלט. ווען מען וועט באַזיצן דעם ביאלאגישן העפט, וועט יענער, וואָס האָט געליטן אויף דער עפּידעמישער קרענק, אויב ער איז ש ו י ן נישט באַשיצט קעגן איר, קאָנען ווייטער באַזוכן די שול, אָן געפאַר פאַר אים און פאַר זיינע חברים, און בנוגע די, וואס האָבן נישט געליטן אויף דער קרענק, וועלן קאָנען אָנגענומען ווערן גע־וויסע מיטלען, וואָס זאָלן נישט שטערן דעם נאָרמאַלן סדר פון די פאַ־מיליעס און שולן און נישט דערמוטיקן דאָס פוילנצעריי און ארויסקוק אויף וואקאציעס מצד די שול - קינדער.

אָט דאָס איז די פּראָגראַם — פון ערשטן בליק. וועלן אַזוי פיל פּונקטן און אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייטן אויסזען אַ גאַנצער באַרג, אַן אומ־דורכפירבארער פּראָיעקט, שוין נישט צו ריידן פון דער עקספּערימענטאַ־לער פּעדאַגאָגיע, וועלכע מעסט, באַזירנדיק זיך אויף דער פּסיכאָלאָגיע, דעם אינטעלעקטועלן כוח פון איטלעכן אינדיווידו און פאָרשט אויס זיינע ספּעציעלע פעאיקייטן... אָבער, לאָמיר זיך נאָר אָפּגעבן צו אָט דער אויפגאבע, וואָס דאַרף דערלייזן אונדזערע שול־קינדער, און אונדזער מי און באַשטענדיקייט וועלן אונדז בקרוב דערפירן צום ענד־ציל.

ד״ר מאַרטינעס וואַרגאַס.

# די שפּילן

די שפּילן זיינען פאַר די קינדער דורכוים נויטיק. בנוגע זייער גע־בוי, געזונט און פיזישער אַנטוויקלונג, זיינען אַלע מודה אויף דעם. עס ווערט, אָבער, דערביי געלייגט אַכטונג בלויז אויף דעם קוואַנטום פון פי־זישער אַנטוויקלונג, וואָס די שפּילן פאַרורזאַכן. דערפאַר זיינען זיי פאַר־ביטן געוואָרן אויף גימנאַסטיק, ווי אויף אַן אויסגעצייכנטן עקוויוואַלענט, און מענטשן גלויבן, אַז מען האָט דאָ מיטן בייט געוואונען.

די היניגע האָט איצט לגמרי אָפּגעלייקנט דיזאָזיקע מיינונגען. דאָס פאַרעלטערטע גלויבן, אַז די הויפט זאַך מוז מען אַכטונג געבן אויף דער אַנטוויקלונג פון אונדזערע פיזישע כוחות, איז אויפן פעלד פון וויסנשאַפט־

לעבן באַוואוסטזיין באַזיגט געוואָרן פון אַן אַנדער באַגריף. דאָרט אַנער־
קענט מען היינט צו טאָג, ווי אַ פעסטגעשטעלטן פאַקט, אַז אַ צושטאַנד
פון צופרידנקייט און אַ פרייע פאַנאַנדערוויקלונג פון די איינגעבאָרענע
נויגונגען, זיינען וויכטיקע, תמציתדיקע און איבערוועלטנדיקע פאַקטאָרן אין
דער קרעפטיקונג און אנטוויקלונג פון קינדערשן וועזן.

דאָס זיין צופרידן, זאָגט ספענסער, „איז דער מעכטיקסטער טאָניק.
פאַרשנעלערנדיק די בלוט־צירקולאַציע, איז עס דער בעסטער אָנרעגער
פאַר אַלע פונקציעס. עס העלפט פאַרשטאַרקן דאָס געזונט, ווען עס איז
פאַראַן, און דערהוילן עס, ווען עס איז פאַרלוירן געגאַנגען. דער לעבעדי־
קער נייגיר און די פריידיקייט, וואָס די קינדער לעבן דורך ביי זייערע
פאַרוויילונגען, זיינען אַזוי וויכטיק, ווי די קערפּערלעכע איבונג, וואָס
קומט דערביי פאָר. מחמת דעם, איז די גימנאַסטיק, וואָס רופט נישט
אַרויס דידאָזיקע מענטאַלע סטימולן, נישט קלעקנדיק...‟ אָבער מיר מוזן
זאָגן מיט דעם געניאַנטן דענקער: עפעס איז בעסער פון גאָרנישט. אויב
מען וואָלט אונדז הייסן אויסקלייבן צווישן פאַרבלייבן אָן שפיל און אָן
גימנאַסטיק, אָדער אָננעמען די גימנאַסטיק, וואָלטן מיר מיט פאַרמאַכטע
אויגן פאָרגעצויגן די גימנאַסטיק.

אגב, פאַרדינען די שפילן ביי דער פעדאַגאָגיע אַן אנדער שטאַנדפונקט
און אַ גרעסערע אויפמערקזאַמקייט, אויב מען מעג זיך אַזוי אויסדרוקן.

מען דאַרף לאָזן דעם קינד אומעטום אויפריכטיק אויסצודריקן זיינע
פאַרלאַנגען. דאָס איז דער הויפט מאָמענט ביים שפיל, וואָס, ווי דזשאָהאָ־
נאָ באַמערקט עס, איז עס דער, דורך דער פרייער טעטיקייט, באַפרידיק־
טער פאַרלאַנג. דעריבער טאָקי שטערן מיר זיך נישט צו זאָגן, אַז עס איז
לחלוטין נויטיק אריינצוברענגען שפיל־אינהאַלט אינערהאַלב פון קלאַס־
צימער. אַזוי ווערט עס פאַרשטאַנען אין קולטורעלע לענדער און אין שול־
אָרגאַניזאַציעס, וואָס קוקן זיך נישט אום אויף פאַרעלטערטע פאָרורטיילן
און זוכן בלויז ראַציאָנאַלע אופנים אויף צו פאַרווירקלעכן דעם פריינט־
שאַפטלעכן באַנד צווישן דעם קינדס געזונט און זיין פאַרשריט. דאַרטן
האָט מען קיין אנדער זאַך נישט געטאָן אויף צו דערגרייכן דעמדאָזיקן
ציל, חוץ אַרויסצורייסן מיטן וואָרצל פון די שול־צימערן די אומ־

דערטרעגלעכע שטילקייט און רואיקייט, — דידאָזיקע סימנים פונם טויט, און אַריינצוברענגען אויף זייער אָרט דעם וואוילזיין, די טיפע פריידי־קייט, די שמחה. דעם קינדס שמחה, זיין טיפע פריידיקייט אין שול, ווען דאָס ווערט געטיילט מיט חברים, באַראַטן מיט זיינע ביכער, אָדער איז בשותפות און אינטים מיט די לערער, איז דער אומפעלבאַרער סימן פון זיין אינערלעכן געזונט — פון פיזישן לעבן און פון אינטעלעקטועלן לעבן.

אויף אונדזערע הנחות וועלן זיך זיכער קרימען די מיטלאַלטערלעכע, וואָס זיינען נאָך, ליידער, ביי אונדז אזוי פיל פאַראַן. וואָס הייסט? אויף דעם אופן וועלן מיר חרוב מאכן דעם גאַנצן דערציערישן בנין, וואָס, ווייל ער איז א פארצייטיקער, דאַרף ער אונדז אויסזען בכבודיק און אומ־באַרירבאַר! סטייטש? מיר גייען אַראָפּ פון דעם וועג פון אונדזערע אבות און מעסטן נישט מער דעם ווערט פונם שטודיום לויט דער אומאָנגע־נעמלעכקייט וואָס עס פאַרשאַפט די קינדער! מען לאָזט גאָר א פרייען וועג פאַר דעם קינדס איניציאַטיוועס, ווי א מיטל צו דערווערבן זיך קולטור און קראַצן נישט אָפּ דעם טיפּישן, זיין ווען אינדיווידואַליזירנדיקן עלעמענט, און פרעסן נישט אריין די קינדער אין פורעם פון זיינע על־טערנס און לערערס איינפאַלן!

פאַרפאַלן. דער אמת שמעקט שלעכט פאַר זיינע שונאים. אן אמתערע און אָפּטימיסטישערע השגה פונם מענטשלעכן לעבן האָט די פּעדאַגאָגן געצוואונגען אומצובייטן זייערע אידייען.

ביי אינדיווידן און קאָלעקטיוון, דורכגעדרונגענע מיט דער מאָדערנער קולטור, זעט זיך דאָס לעבן פון א להיפּוכדיקן שטאַנדפּונקט צו דעם פון די לערן פון דער קריסטלעכער שיטה. דער געדאַנק, אַז דאָס לעבן איז א מאַרטי־רערטום, א ביטערע און שווערע משא, וועלכע מוז טאָלערירט ווערן ביז דער רבונו של עולם וועט מיד ווערן צוצוקוקן אונדזערע יסורים, — ווערט פאַרשוואונדן מיטן וואָרצל.

דאָס לעבן, זאָגט מען אונדז, איז אויף צו געניסן פון לעבן, אויף אויסצולעבן עס. דאָס, וואָס מאַטערט אונדז און פאַרשאַפט יסורים, דאַרף אָפּגעוואָרפן ווערן, ווי א פאַרקריפּלונג פון לעבן. דער, וואָס נעמט עס

געדולדיק אָן, איז ווערט, מען זאָל אים האַלטן פאַר אַן אַטאַווישן דעגע־נערירטן, אָדער פאַר אַן אומגליקלעכן אוממאָראַלישן מענטשן, אויב ער פאַרשטייט, וואָס ער טוט.

דער העכסטער אינדיווידועלער חוב, וואָס פאַרנעמט דעם אויבן אָן פונם מענטשלעכן באַוואוסטזיין, איז דער חוב צו געבן נאַרונג צו אַלע אַספּעקטן פון אונדזער לעבן. דער העכסטער קאָלעקטיווער חוב איז אַרויס־צושטראַלן לעבן אויף אַלע זייטן.

דידאַזיקע פּראַכפולע טענדענץ מוז זיך פאַרקערפּערן און איינבירגערן ביי די צוקונפטיקע דורות, און דער איינציקער טרעפלעכער מיטל אויף דורכצופירן עס, איז צו ווענדן די דערציאונג אין פּרעבעלס ריכטונג: איט־לעכער גוט אָנגעפירטער שפּיל ווערט פאַרוואַנדלט אין אַרבעט, אַזוי ווי איטלעכע אַרבעט ווערט פאַרוואַנדלט אין שפּיל.

די שפּילן זיינען אויך אַ מיטל אויף צו דערקענען דעם קינדס כאַראַק־טער און אויף צו דערגיין צו וואָס ער איז באַרופן אין לעבן.

די עלטערן און פּעדאַגאָגן דאַרפן, ביז אַ געוויסער מדרגה, זיין פּ אַ־ס י ו ו אין דער דערציאונגס־אַרבעט. דעם פּאָטערס אָנמערקונגען און דעם לערערס עצות טאָרן נישט זיין קיין אימפּעראַטיווער פאַרזאָג, ווי, אַ שטייגער, אַ מעכאַנישע אָדער מיליטערישע פאַראָרדנונג, אָדער אַ רעלי־גיעז דאָגמאַטישע מצוה. ביידע טרעפן זיך אָן ביים קינד מיט אַן אייגנ־טימלעכן לעבן, וואָס לאָזט זיך נישט בויגן אין דער וועלט אַריין, נאָר מען מוז עס דינאַמיש פאַנאַנדערוויקלען, פון אינעווייניק אויף אין דרויסן אַרויס, און דערביי דאַרף מען בלויז מיטהעלפן, אַז די איינגעבאָרענע נייגונ־גען זאָלן זיך אַנטוויקלען.

דעריבער טאָר דער דערציער נישט פאַרנעמען זיך אַ פּ ר י אָ ר י, אָן אַ פּאָרויסדיקער געדולדיקער און בפרוטרותדיקער באַאָבאַכטונג פון דעם קינדס נאַטור, אַז דערדאָזיקער זאָל זיך לערנען פאַר אַ מאַטראָס, אָדער פאַר אַן אַקערבויער, אָדער פאַר אַ מעדיקער, א. א. וו. קאָן מען דען באַ־שטימען בלויז, ווייל דער אויפזעער וויל אַזוי, אַז די קינדער זאָלן זיין פּאָ־עטן, פילאָזאָפן, אָדער אַז זיי זאָלן אַרויסווייזן אומגעווייינלעך זשעניאַלע פעאיקייטן צו מוזיק? אין דעם פאַל איז דאָס געגוי דאָס זעלביקע.

די אויספאָרשונג פון די קינדערשע שפּילן באַווייזט, אַז זיי זיינען שטאַרק ענלעך אויף זייערע עלטערנס ערנסטע באַשעפטיקונגען. די קינ־דער ווייזן אַרויס ביים קאָמבינירן און אָנפּירן פון זייערע שפּילן אַזאַ נייע־גיר און ענערגיע, וועלכע קאָנען בלויז איבערגעבראַכן ווערן פון מידקייט. זיי באַמיען זיך נאָכצואַמען אַלע זאַכן, וואָס זיי קאָן נאָר איינפאַלן, אַז די גרויסע טוען עס. זיי בויען הייזער, מאַכן קיכלעך פון בלאָטע, גייען אין שטאָט, שפּילן זיך אין שול, מאַכן בעלער, פאַרשטעלן זיך פאַר דאָקטוי־רים, באַקליידן ליאַלקעס, וואַשן וועש, גיבן צירק ־ פאָרשטעלונגען, פאַר־קויפן פרוכט און געטראַנקען, פלאַנצן גערטנער, אַרבעטן אין קוילן־מי־נעס, שרייבן בריוו, פּראָווען קאַטאָוועס, דיסקוטירן, קריגן זיך, א. א. וו.

דער ברען און די ליידנשאַפטלעכקייט, וואָס זיי ווייזן דערביי אַרויס, באַווייזט, ווי טיף רעאַל דאָס איז פאַר זיי, און אַנטפּלעקט אויך, אַז די אינסטינקטן ביי די קינדערשע יאָרן זיינען לחלוטין פאַרשידן פון די אינ־סטינקטן ביי די דערוואַקסענע. דער ספּאָנטאַנער שפּיל, וואָס דאָס קינד ציט פאַר, זאָגט פאַרויס זיין באַשעפטיקונג אָדער איינגעבאָרענע פעאי־קייטן. דאָס קינד שפּילט זיך אין דערוואַקסענע, און, ווען ער ווערט דער־וואַקסן, טוט ער אין ערנסט דאָס, וואָס האָט אים קינדווייז פאַרווײַלט.

טעילאָר זאָגט: „מען וואָלט געדאַרפט די קינדער לערנען צו שפּילן זיך מיט דער זעלביקער אויפמערקזאַמקייט, ווי מען וועט זיי שפּעטער לער־נען אַרבעטן..." „נישט ווייניק מיידלעך זיינען געוואָרן אויסגעצייכנטע נייטאָרינס ביים צושניידן און אויפנייען קליידער פאַר זייערע ליאַלקעס, און אַ סך יינגלעך לערנען זיך אויס צו געברויכן די גאַנגבאַרסטע געצייג דורך זייערע שפּילן אין סטאָליאַרעס. מיינע אַ קליינע פריינדין איז גע־וואָרן אַן אמתע קינסטלערין, שפּילנדיק זיך מיט אירע פּינזעלס און קאָ־לירטע פאַרבן. אַן אַנדער קינד פלעגט דעקלאַמירן אינטערעסאַנטע זאַכן שפּילנדיק אין טעאַטער, און האָט אין עטלעכע יאָר אַרום אָפּגעגעבן אַ גלענצנדיקן עקזאַמען אין שול מיט די ידיעות, וואָס ער האָט זיך דער־וואָרבן שפּילנדיק. אַזוי אַנטפּלעקן אויך פיל פּאָעטישע בילדער זכרונות פון קינדערשע שפּילן און אַוואַנטיורן."

חוץ דעם, איז דער שפּיל עלול צו אַנטוויקלען ביי די קינדער אַלטרו־

איסטישע געפילן. בדרך כלל, איז דאס קינד עגאָיסטיש — א סך מיט־סיבות ווירקן לטובת אָט דער פּאַטאָלער נויגונג. די הויפּט ־ סיבה איז דאָס ירושה־געזעץ. פון דער געגאנטער קוואליטעט נעמט זיך דעם קינדס דעס־פּאָטישע נאטור, וואָס ברענגט אים צו וועלן הערשן איבער זיינע חברימלעך.

עס איז ביים שפּילן זיך, וואו מען דאַרף די קינדער לערנען צו פּראַקטיצירן סאָלידאַריטעט. די קלוגע אָנווייזונגען און עצות מצד די על־טערן און לערער, דאַרפן צילן, ביי די קינדערשע שפּילן, צו דערווייזן, אַז מען קריגט אַרויס מער נוצן פון זיין טאָלעראַנט און נאָכגיביק מיטן חברל, ווי פון זיין מיט אים שטרענג — אַז סאָלידאַריטעט איז נוציק פאַר די אנדערע און פאַר דעם, וואס פּראַקטיצירט עס גופא.

ר. קאָלומביע



VIII

## דער לערער - באַשטאַנד

נאָך אַן ערנסטע שווערקייט האָב איך געהאַט מיטן פּערסאָנאַל.

ווי נוציק עס זאָל נישט געווען זיין דאָס אויסשטעלן די פּראָגראַם אויף איינצושטעלן דעם לימוד און די ראַציאָנאַלע דערציאונג, האָט זיך אָבער דערנאָך אַרויסגעשטעלט די נויטווענדיקייט צו זוכן פּעאיקע מענטשן אויף דורכצופירן זי, און די פּראַקטיק האָט מיר באַוויזן, אַז אַזעלכע מענטשן זיינען נישט בנמצא. סאַראַ גרויסער אמת עס איז, אַז די נויטווענדיקייט שאַפט דעם אָרגאַן!

לערער זיינען געווען, אדרבא. סוף כל סוף, איז די פּעדאַגאָגיע, אויב נישט קיין זייער גוט געשעפט, פאָרט אַ באַרוף, וואָס שפּייזט זיין מענטשן, און ניט שטענדיק איז גערעכט דאָס וואולגאַר ווערטל אויף צו באַצייכענען אַ שלים־מזל: „ער איז הונגעריקער פאַר אַ שול־לערער". דער אמת איז, אַז אין זייער פיל שפּאַנישע שטעטלעך געהערט דער לערער צו די שטעטלדיקע פּני, צוזאַמען מיטן גלח, מיטן דאָקטאָר, אַפּטייקער און מיטן וואוכערניק (דער לעצטער בעל־דבר איז, אגב, נישט תמיד דער גרעסטער שטייערן־צאָלער, הגם ער איז דער רייכסטער פון מקום). הקיצור, דער לערער האָט זיך זיינע שכירות פון דער מוניציפּאַליטעט, אַ באַפריידיקונג מצד די שכנים און דערצו אַ געוויסן איינפלוס, וואָס קאָן, צייטנווייז, אויסגעוועקסלט ווערן אויף מאַטעריעלע איינטראַגן. אין די גרעסע־

רע שטעט טרעפט, אז, ווען דער לערער באנוגנט זיך נישט מיט די מו־ניציפאלע שכירות, גיט ער זיך אפּ מיט דעם אונטעררניכט - געשעפט אין פּריוואט־שולן, וואו ער גרייט צו, בהסכם מיט דעם פּראווינציעלן א י נ ־ ס ט י ט ו ט , יונגע בורזשויען צו דער מאטורע, און, אויב ער דער־ווערבט זיך נישט קיין פּריווילעגירטע שטעלונג, לעבט ער זיך באלעבא־טיש, ווי דאס רוב בירגער.

געווען אויך אזעלכע לערער, וואס האָבן זיך אפּגעגעבן מיט דעם, אזוי גערופענעם, וועלטלעכן אונטעררניכט. דערדאָזיקער נאָמען שטאמט פון פראנקרייך, וואו ער האָט זיך זיין בארעכטיקונג, ווארום דארטן איז די אנפאנגס - בילדונג, איידער זי איז געוואָרן וועלטלעך, געווען דורכוים קלע־ריקאל און אין די הענט פון די רעליגיעזע קאָנגרעגאציעס, בעת אין שפּאַ־ניען האָט עס קיינמאל נישט פּאסירט, — דאָ איז דער אונטעררניכט — ווי קריסטלעך ער זאל נישט געווען זיין, — פון תמיד דורכגעפירט גע־ווארן דורך ציווילע לערער. אבער די שפּאנישע וועלטלעכע לערער, בא־איינפלוסט און דערמוטיקט פון דער פרײַדענקערשער פּראָפּאַגאנדע און פּאָליטישן ראדיקאליזם, האבן זיך ארויסגעוויזן מער פאר אנטיקאטאָליקן און אנטיקלעריקאלן, ווי פאר אמתע ראציאָנאַליסטן.

די פּראפעסיאָנאַלן פון אונטעררניכט האבן געדארפט, אויף צוצופּאסן זיך צו דעם וויסנשאפטלעכן און ראציאָנאַלן אונטעררניכט, דורכמאכן א צוגרייטונג, וואָס איז, על כל פנים, געווען שווער דורכצופירן און אפּט־מאָל אפילו אומעגלעך, איבער מניעות מצד דער רוטין. די, ווידער, וואָס האבן פון פריער נישט געהאט קיין פּעדאַגאָגישע ידיעות, און זיינען געקו־מען, מחמת באגייסטערונג פאר דער אידייע, אנצובאטן זייער מיטארבעט, האבן זיך אויך גענויטיקט, אפשר נאָך מיט מער מאָטיוון, אין צוגרייטונג.

דאָס פּראבלעם איז געווען זייער שווער צו לייזן, ווארום עס איז נישט געווען קיין אנדער צוגרייטונגס - און צופּאסונגס - מיטל, חוץ דער ראציאָנאַלער שול גופא.

אבער — דער וואונדער פון דער גוטער סיסטעם! ווי נאָר די ראַ־ציאָנאַלע שול איז געשאפן געווארן, — אויף יחידימשער איניציאטיוו, מיט אייגענע רעסורסן און מיטן אידעאַל אין אויג פאר א פעסטן קריטעריום,

— זיינען די שוועריקייטן באזייטיקט געווארן, איטלעכעס צינז צום דאָג־מאַטיזם פלעגט באלד אויפגעדעקט און פארוואַרפן ווערן, איטלעכער אריינ־פאָר, אָדער אָפּווייכונג צום מעטאַפיזישן באָדן, פלעגט תיכף אפגעשטעלט ווערן, און ביסלעכווייז האָט די פּראַקטיק גענומען אויסבילדן די נייע, באַ־פרייענדיקע, פּעדאַגאָגישע וויסנשאַפט. דאָס אלץ האָט פּאַסירט, נישט בלויז צוליב מיין אייפער און אויפזיכט, נאָר א דאנק די ערשטע לערער. און צייטנווייז, אפילו צוליב ספיקות און תמימותדיקע רייד פון די שי־לער גופא.

מען מעג באמת זאָגן, אז אויב די נויט שאַפט דעם אָרגאַן, באַפרי־דיקט דער ארגאַן, סוף כל סוף, די נויט.

פונדעסטוועגן, היות איך האב באשלאָסן דורכצופירן מיין אויפגאבע ביזן סוף, האב איך געגרינדעט א ראַציאָנאַליסטישן לערער - סעמינאַר, אונטער דער אנפירערשאַפט פון א געניטן לערער און ביי דער מיטאַר־בעטערשאַפט פון די לערער פון דער מ אָ ד ע ר נ ע ר ־ ש ו ל. אין סעמינאַר האָבן זיך פּאַרצייכנט עטלעכע יונגע לייט פון ביידע גע־שלעכטער; און דער אנשטאַלט האָט זיך גאַנץ גוט אנטוויקלט, ביז די אוי־טאָריטערע מוטווייליקייט האָט, נאָכקומענדיק דער העצע פון מיסטעריעזע און מעכטיקע שונאים, זיך אנטקעגנגעשטעלט אונדזער גאנג און זיך דערביי געשאַפן די אילוזיע, אז זי האָט געזיגט אויף תמיד.

ווי א דערגאַנצונג צו די, אין דעמדאָזיקן קאפּיטל אויסגעדריקטע, אידייען, האַלט איך, אז עס וועט צוניץ קומען איבערצודרוקן דאָ פון ב אָ־ל ע ט י ן מיין פריינט ד אָ מ ע ל א נ י וו ע נ ה ו י ז ס עקספּאָזאיבער דער אינדיווידועלער פּעדאַגאָגיע:

„קיינמאָל וועט מען נישט טאָן גענוג לטובת די קינדער. דער, וואָס אינטערעסירט זיך נישט פאר די קינדער, איז נישט ווערט, אז עמיצער זאָל זיך פאר אים אינטערעסירן, וואָרום די קינדער זיינען די צוקונפט. אבער די זאָרגן פאר די קינדער מוזן אנגעפירט ווערן ריכטיק — דער גע־טער ווילן אליין קלעקט נאָך נישט, מען דאַרף נאָך פאַרמאָגן דערציִוויסן און עקספּעריענץ.

ווער קולטיווירט דעם פלאנצן, בלומען און פרוכטן, אויב ער ווייס נישט עפּעס פון דעם, וואָס זיי איז נוגע?

ווער האָדעוועט דעם חיות, למשל, הינט, פערד, הינער, א. א. וו., אויב ער ווייס נישט, וואָס עס איז גוט און פּאַסיק פאר איטלעכן מין?

אבער בנוגע דער קינדער ־ דערציאונג — די שווערסטע זאַך אויף דער וועלט — מיינט כמעט די גאַנצע וועלט, אַז מען איז גענוג קאָמ־פּעטענט דערצו שוין דערפאר, וואָס מען איז א פאמיליען־פאָטער.

עס איז באמת א מאָדנער פאַל — א מאַן און א פרוי באַשליסן צו לעבן צוזאמען, באַשאַפן א קינד, און אָט זיינען זיי מיטאַמאָל מגולגל געוואָרן אין דערציער, הגם זיי האָבן זיך קיינמאָל נישט מטריח געווען צו קריגן די עלעמענטאַרסטע באַהאַווּנטקייט אין דער דערציאונגס־קונסט.

מיר געהערן נישט צו די, וואָס זאָגן מיט ר ו ס אָ, אַז אַלץ, וואָס קומט פונם באַשעפער פון די זאַכן, איז גוט: אַז אַלץ דעגענערירט אין דעם מענטשנס הענט.

קודם כל קאָנען מיר נישט זאָגן, אַז אַלץ איז גוט, — און דערנאָך דערקלערן מיר, אַז מיר קאָנען נישט קיין באַשעפער, און, ווייניקער נאָך, אַזאַ מין באַשעפער, וואָס קאָפּירט נאָך אַ מאָדעל. און חוץ דעם פרעגן מיר: — פאַרוואָס זאָגט מען, אַז אַלץ דעגענערירט? וואָס איז דער טייטש דע־גענערירן? וואָס פאַר א באַגריף קאָן מען האָבן פון א באַשעפער, וואָס מענטשן, וועלכע מען האַלט פאַר א פּראָדוקט פון זיינע הענט, מאַכן קאַ־ליע זיין ארבעט? דאָס הייסט דאָך, אַז איינער פון די פּראָדוקטן קאָן קאַ־ליע מאַכן די אַנדערע! אויב אַן ארבעטער וואָלט געגעבן זיין באַלעבאָס אַזעלכע פּראָדוקטן, וואָלט ער באַלד אָפּגעזאָגט געוואָרן פאר זיין א שלעכ־טער בעל ־ מלאכה.

שטענדיק ווערן געגעבן צוויי זייטן: די פּאָזיטיווע און די נעגאַטיווע, און, בדרך כלל, ווערט מער קאַליע פון דער פּאָזיטיווער זייט, ווי פון דער נעגאַטיווער.

טאָן עפּעס קאָן זיין נוציק, אבער אויך שעדלעך. אבער אויב די נאַ־טור שטערט עפּעס, פאַרריכט זי געוויינלעך, וואָס דאָס קינד מאַכט שלעכט.

דער באַרימטער פּעדאַגאָג פּרעבעל פּלעגט זאָגן: „לאָמיר לעבן פאַר די קינדער".

דער מיין איז, אָן ספק, געווען א גוטער, — און פונדעסטוועגן האָט ער נישט פאַרשטאַנען דעם סוד פון דער דערציאונג. עללען קעי, וועלכע האָט אונדז אין איר בוך „ד ע ר י אָ ר ה ו נ ד ע ר ט פ ו נ ם ק י נ ד", אַזוי פיל געמאַכט דענקען, איז מער גערעכט, ווען זי זאָגט: „לאָמיר לאָזן, אַז די קינדער זאָלן לעבן פאַר זיך גופא".

זאָל מען אנהויבן די בילדונג, ווען דאָס קינד וועט עס בעטן. די גאַנצע שול - פּראָגראַם, וועלכע איז דיזעלביקע פאַר אַלע פּראָווינציאַלע ראַיאָנען, למשל, איז א לעכערלעכע. ניין אַזייגער, ווייס דער מיניסטער פאַר פאָלקס־בילדונג, אַז אַלע קינדער לייענען, שרייבן אָדער רעכענען. האָבן, אָבער, אַלע קינדער און אויך אַלע לערער דעמזעלביקן פאַרלאַנג אין דערזעלביקער שעה? פאַרוואָס זאָל מען נישט איבערלאָזן די איניציאַטיוו פאַרן לערער צו טאָן, וואָס ער פאַרשטייט, היות, ער מוז קענען זיינע שילער בעסער, ווי דער מיניסטער, אָדער וועלכער נישט איז ביוראָקראַט, און דאַרף האָבן די נויטיקע פרייהייט אויף איינצואָרדענען די בילדונג נאָך זיינעם און נאָך זיינע תלמידימס געשמאַק! דיזעלביקע פאָרציע פאַר אַלע מאָגנס, דיזעלביקע פאָרציע פאַר אַלע זכרונס, דיזעלביקע פאָרציע פאַר אַלע אינטעלעקטן, דיזעלביקע שטודיומס, דיזעלביקע אַרבעטן.

וויקטאָר קאָנסידעראַן, שאַרל פוריעס שילער, האָט אָנגעשריבן אַ וויכטיק בוך, וואָס איז שוין פאַרגעסן געוואָרן, אָבער פאַרדינט תחית המתים, „ד י ט ע אָ ר י ע פ ו ן ד ע ר נ אַ ט י ר ל ע כ ע ר א ו ן צ ו צ י ע נ ד י ק ע ר ד ע ר צ י א ו נ ג", וואו ער פרעגט: „וואָס פאַר א הינט־דרעסירער וועט אונטערוואַרפן אונטער איין כלל אַלע סאָרטן הינט? ווער וועט פאָדערן פון פאַרשידענע מינים אידענטישע לייסטונגען? וואָס פאַר א גערטנער וועט אייך נישט ווייסן, אַז אייניקע פלאַנצן דאַרפן האָבן מער שאָטן, אַנדערע מער זון, אייניקע מער וואַסער, אַנדערע מער לופט? אָדער וועלכער וועט אַנווענדן צו אַלע פלאַנצן די זעלביקע שטיצן, און דיזעלביקע באַנדאַזשן, אַרומשניידן אויף דעם זעלביקן אופן, אין דעם זעלביקן סעזאָן, מאַכן דיזעלביקע סטשעפּע אויף

אלע ווילדע בוימלעך? איז דען די מענטשלעכע נאַטור ווייניקער ווערט, ווי די וועגעטאַלע, אדער אַנימאַלע, אז איר זאָלט שענקען ווייניקער אויפ־מערקזאמקייט דער קינדער־צוכט, ווי דער פון שפינאַקן, סאַלאַטן, אדער הינט?

מיר זוכן, געוויינלעך, ווייט דאָס, וואָס מיר האָבן ביי דער האַנט, אויב מיר ווילן נאָר און קאָנען זען און באַאָבאַכטן. די זאכן זיינען בדרך כלל פשוט, אָבער מיר מאכן זיי קאָמפּליצירט און שווער.

לאָמיר נאָכגיין דער נאַטור, און מיר וועלן באַגיין ווייניקער פעלערן. די אפיציעלע פּעדאַגאָגיע דאַרף איבערלאָזן איר פּלאַץ פאַר דער אינדיווי־דועלער.

עללען קעי האָט זיך געוואונטשן, אז א מבול זאָל פאַרטרינקען אלע פּעדאַגאָגן, און אויב אין תיבה וואָלטן זיך געראַטעוועט נישט מער, ווי מאָנטעין, רוסאָ און ספּענסער, וואָלטן מיר עפּעס פּראָגרעסירט. דעמאָלט וואָלטן מענטשן נישט געבויט קיין „שולן", נאָר זיי וואָלטן געפלאַנצט וויינגערטנער, אין וועלכע דעם לערערס ארבעט וואָלט געווען אויפצוהויבן די טרויב־הענגלעך צום ניוואָ פון די קינדערשע ליפּן, אנשטאָט צו מאכן, ווי היינט, אז די קינדער זאָלן בלויז קאָנען פאַרזוכן דעם פאַרוואַסערטן מאַסט פון דער קולטור.

פאַראַן אַ שפּראָך אין דעם איי — נאָך זיין נאַטור נאָך דאַרף ער זיך עפענען, אבער ער וועט זיך נישט עפענען, סיידן דאָס איי וועט זיך געפינען אין א פּאַסיקער טעמפּעראַטור. — אין קינד זיינען פאַראַן א סך שפּראָצן פון אינדוסטריעלע פעאיקייטן, פון צאָלרייכע באַרופן, אבער אַט די באַרופן וועלן זיך ארויסווייזן אויסשליסלעך אין דער פאַר דעם גינ־ציקער סביבה און פּאַסיקע אומשטענדן.

אז מיר האָבן ארגאַנען, דאַרפן זיי זיך אויסבילדן און אנטוויקלען. מען דאַרף לאָזן די קינדער די געלעגנהייט צו פאַנאַנדערוויקלען זייער נאַ־טור, און די עלטערנס און לערערס אויפגאַבע איז נישט צו שטערן די אנטוויקלונג. דאָ קומט פאַר דאָס אייגענע, וואָס ביי די פלאַנצן — איט־לעכע זאַך קומט אין איר צייט: פריער די בלעטער, נאָכדעם די בלומען און פרוכטן; איר וועט אבער אוועקהרגענען די פלאַנצן, אויב איר וועט

זיי אונטערוואַרפן אונטער קינסטלעכע פּראָצעדורן אויף צו צווינגען זיי צו אנטוויקלען זיך אין א פארקערטער ריכטונג צו דער נאַטירלעכער. פאר־היט, האַלט אויף, באַגיסט, — אָט דאָס איז די עובדא פון די דערציער.

די גרויסע איניציאַטאָרן פון סאציאַליזם האָבן פארשטאַנען, אז דער בראשית פון אַלץ איז די דערציאונג. פּוריע און ראָבערט אָוען האָבן געגעבן אָריגינעלע אידייען, וואָס זיינען נישט פארשטאַנען, אדער נישט אָפּגעהיט געוואָרן. אין קיין פּעדאַגאָגישן האַנטבוך טרעפט איר נישט אָט די נעמען, און פונדעסטוועגן זיינען זיי ווערט דעם אויבן־אָן, וואָרום אַלע איצט פּראָפּאַגירטע אידייען פון מאָדערנער דערציאונג געפינען זיך אין זייערע שריפטן.

די גרויסקייט פון יענע העלדן פון געדאַנק וואַקסט, וואָס מער מען פארטיפט זיך אין זייער ווערק. זייער קלאָרער בליק רופט ארויס באַ־וואונדערונג, אבער ער ווערט פארשטענדלעך, ווען מען האָט אין זינען, אז זיי האָבן געלערנט די נאַטור.

נאָכאַמאָל: „גייט נאָך דער נאַטור, און איר וועט גיין מיטן בעסטן וועג".

שוין אין די ערשטע נומערן פון באַלעטין דע לא עס־קועלא מאָדערנא האָבן מיר אנגעהויבן צו פארעפנטלעכן פון די פאלגנדיקע מודעות:

## צו דער יוגנט

די מאָדערנע שול האָט מיט איר ערשטן אנשטאַלט דער־גרייכט א באַדייטנדיקן דערפאָלג, און זי וויל איצט פּראָגרעסיוו אויסברייטערן איר דערלייזנדיקע טעטיקייט. זי לאַדט, דעריבער, איין די יונגע לייט פוןביידע געשלעכטער, וואָס ווילן זיך ווידמענען דעם וויסנשאַפטלעך־ראַ־ציאָנאַלן אונטערריכט און האָבן פעאיקייטן דערצו, צו דערקלערן עס פער־

זענלעך אדער שריפטלעך, כדי צו מאכן הכנות אויף צו דערעפענען עט־לעכע דיסטריקטן פון שטאָט.

## צום פרייען לערערטום

לערער און יונגע לייט פוןביידע געשלעכטער, וואָס ווילן זיך אָפּגעבן מיטן וויסנשאפטלעך־ראַציאָנאַלן אונטערריכט און זיינען פריי פון פאָרור־טיילן, אבערגלויבנס און אבסורדע טראדיציאָנעלע גלויבנס, קאָנען זיך שטעלן אין פארבינדונג מיטן דירעקטאָר פון דער מאָדערנער שול אויף צו פארנעמען וואקאנטע פלעצער אין עטלעכע שולן.



IX

## די באנייאונג פון דער שול

די, וואָס ווילן באנייען די דערציאונג פון דער קינדהייט, האבן פאר זיך צוויי וועגן: אדער ארבעטן אין דער שול און זען, זי זאָל אלץ מער באַקומען א נייעם פנים; באווייזן וויסנשאפטלעך, אז די היינטיקע איינריכטונג פון דעם אונטעררירכט טויג ניט, אז זי איז פאלש און, אז מען דארף איינפירן פראגרעסיווע אויסבעסערונגען; אדער גרינדן נייע שולן, וואו עס זאָלן דירעקט אנגעווענדעט ווערן אזעלכע פרינציפן, וואָס זיינען אין אנקלאַנג מיט דעם געזעלשאפטלעכן און מענטשלעכן אידעאל פון די יעניקע, וואָס זיינען נישט מסכים מיט די אלע קאנווענציאָנאליזמען, גרויזאמקייטן, צביעות און ליגנס, אויף וועלכע עס האלט זיך די היינטיקע געזעלשאפט.

דער ערשטער וועג האָט גרויסע מעלות. ער אנטשפרעכט אן עוואָלוציאָניסטישער אנשויאונג, וואָס אלע וויסנשאפטסלייט וועלן פארטיידיקן און וואָס, נאָך זייער מיינונג נאָך, איז ער דער איינציקער, וועלכער פירט צום ציל.

טעאָרעטיש זיינען זיי גערעכט, און מיר זיינען גרייט מודה צו זיין אויף דעם.

עס איז קלאר, אז די ראיות פון דער פסיכאלאָגיע און פון דער פיזיאָלאָגיע מוזן אריינברענגען באדייטנדיקע שינוים אין די דערציאונגסמעטאָדן; אז די לערער, וועלכע זיינען ביכולת בעסער צו פארשטיין דאָס

קינד, וועלן קאָנען בעסער צופּאַסן זייער אונטערריכטן צו די נאַטירלעכע געזעצן. איך בין אפילו מודה, אז דידאַזיקע עוואָלוציע וועט אויסגעפירט ווערן אין דעם זין פון פרייהייט, וואָרום איך בין איבערצייגט, אז צוואַנג איז די טענה פונם אומוויסן און, אז דער דערציער, וואָס איז באמת ווערט צו טראָגן דעם נאָמען, וועט אַלץ דערגרייכן דורך דער פּריוווּיליקייט, מחמת ער וועט קאָנען דעם קינדס פאַרלאַנגען און וועט פאַרשטיין צו העלפן זיין אנטוויקלונג נאָר דערמיט, וואָס ער וועט זי לאָזן פריי גיין און איר געבן וואָס מער נאַטירלעכע באַפרידיקונג.

אין דער פּראַקטיק, אבער, גלויב איך נישט, אז די, וואָס קעמפן פאַר דער מענטשלעכער באַפרייאונג, זאָלן קאָנען א סך דערוואַרטן פון דעמדאָזיקן וועג. די רעגירונגען האָבן תמיד אכטונג געגעבן, אז זיי זאָלן אנפירן מיט דער פאָלקס־דערציאונג. קיינער ווייס נישט אַזוי גוט, ווי זיי, אז זייער מאַכט האַלט זיך כמעט אויסשליסלעך אויף דער שול, און דעריבער פאַרכאַפּן זיי דעם שול־וועזן אַלץ מער און מער אין זייערע הענט. עס זיינען שוין אַוועק יענע צייטן, ווען זיי פלעגן זיך אנטקעגן שטעלן דער פאַרשפּרייטונג פון בילדונג און האָבן זיך באַמיט אָפּצוהאַלטן די דערציאונג פון די מאַסן. דידאַזיקע טאַקטיק האָבן זיי געקאָנט אמאָל באַנוצן, ווייל דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון די פעלקער האָט דערלאָזט זייער אומוויסן, אָט דער אומוויסן, וואָס האָט אַזוי לייכט געמאַכט דאָס הערשן. אבער די אומשטענדן האָבן זיך געביטן. די פאַרשריטן פון דער וויסנשאַפט און די פאַרפּילפאַכטע אנטדעקונגען האָבן רעוואָלוציאָנירט די אַרבעטס - און פּראָדוקציע - תנאים. איצט איז שוין נישט מעגלעך צו לאָזן דאָס פאָלק אין אומוויסן. דער אַרבעטער מוז האָבן א געוויסע בילדונג, כדי דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון לאַנד זאָל זיך קאָנען אויפהאַלטן און פּראָגרעסירן אנטקעגן דער אוניווערסאַלער קאָנקורענץ. אָט דערפאַר האָבן די רעגירונגען פאַרלאַנגט די בילדונג און אן אַלץ בעסערע איינריכטונג פונם שול־וועזן; נישט, ווייל זיי האָבן געוואָלט דורך דער דערציאונג באַנייען די געזעלשאַפט, נאָר דערפאַר, וואָס זיי האָבן פאַרשטאַנען, אז זיי מוזן האָבן פאַרפולקומטע אינדיווידן, אַרבעטער, אַרבעטס־אינסטרומענטן פאַר די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, כדי די אין זיי אינוועסטירטע קאַפּיטאַלן זאָלן ברענגען פּראָ־

פיטן. דערפאר האָט מען געזען, אַז אפילו די רעאַקציאָנערסטע רעגירונגען זיינען געגאנגען האנט אין האנט מיט דערדאזיקער באַוועגונג. זיי האָבן גוט פארשטאַנען, אַז די אַלטע טאַקטיק איז געוואָרן געפערלעך פאַרן עקאָנאָמישן לעבן פון די פעלקער און, אַז מען דאַרף צופּאַסן די דערציאונג פון פאָלק צו די נייע באַדערפעניִשן.

עס וואָלט, אָבער, געווען אַ גרויסער טעות צו גלויבן, אַז די רעגירער האָבן נישט פאָרויסגעזען די געפאַרן, וועלכע קאָנען אַרויסקומען פאַר זיי פון דער אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג פון די פעלקער און, אַז זיי וועלן אויך מוזן איבערבייטן די מיטלען צו הערשן. זייערע מעטאָדן האָבן זיך אויך געמוזט צופּאַסן צו די נייע לעבנס־תנאים, און זיי האָבן זיך באַמיט אַריינצוקריגן די פירערשאַפט איבער די זיך אַנטוויקלענדיקע אידייען. אַנשטרענגענדיק זיך מיט אַלע כוחות אויפצוהאַלטן די גלויבנס, אויף וועלכע עס האָט זיך פריער געהאַלטן די סאָציאַלע דיסציפּלין, האָבן זיי זיך באַמיט צו געבן די נייע באַגריפן, וואָס די וויסנשאַפט האָט באַשאַפן, אַזאַ באַדייטונג, וואָס זאָל נישט קאָנען שאַטן די עקזיסטירנדיקע אינסטיטוציעס. אָט פאַרוואָס זיי האָבן געמוזט פאַרכאַפּן די שול. זיי, וואָס האָבן פריער געלאָזט די גלחים זיך זאָרגן פאַר דער פאָלקס־דערציאונג, דערפאַר, ווייל דער אונטעררייכט פון די גלחים איז געשטאַנען צום דינסט פון זייער אויטאָריטעט, האָבן איצט אומעטום אַליין איבערגענומען די פירונג פונם שול־וועזן.

די געפאַר פאַר זיי איז געלעגן אין דעם דערוואַכן פונם מענטשלעכן געדאַנק; דאָס גאַנצע לעבן האָט זיך באַוויזן פון אַ גאַנץ נייער זייט; דאָס נייע בילד האָט געמוזט אָנרעגן דעם מענטשלעכן שכל און וועקן דעם ווילן צו באַפרייען זיך. עס וואָלט געווען אַ משוגעת צו קעמפן קעגן די נייע כוחות, מען האָט בלויז געקאָנט ריכטן זיי אין אַ קאָנפאָרמירנדיקער זייט. די רעגירער האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז אויף ווייטער איז נישט מעגלעך אויפצוהאַלטן די אַמאָליקע רעגירונגס־פאָרמען — און דערפאַר האָבן זיי אָנגענומען נייע. מען האָט גאָרנישט געדאַרפט זיין אַזוי קלוג, אויף צו קומען צו אַזאַ מסקנא: די פאַקטן אַליין האָבן געצוואונגען די מאַכטהאָבער צו פאַרשטיין, וואָס זיי דאַרפן אַנטקעגנשטעלן די קומענדיקע געפאַרן. זיי

האבן, אלזוי, געגרינדעט שולן, האָבן זיך באמיט צו פארשפרייטן בילדונג מיט פולע הענט. אויב פון אנהויב האבן זיך צווישן זיי נאָך געפונען קענ־נער פון נייעם מעטאָד — מחמת געוויסע טענדענצן זיינען געווען גינציק פאר איניקע אנטאגאָנישע פאליטישע פארטייען — האבן, סוף כל סוף, אלע פארשטאנען, אז עס איז גלייכער נאָכצוגעבן און, אז די בעסטע טאק־טיק איז צו פארזיכערן זייערע פרינציפּן און אינטערעסן דורך נייע מיטלען. שרעקלעכע מחלוקתן זיינען פארגעקומען פאר דער דערטאבערונג פון דער שול. אין אלע לענדער ווערן דידאזיקע קאמפן פארגעזעצט מיט דער גרעס־טער עקשנות. דאָ זיגט די בורזשואזיע און די רעפּובליקאנישע געזעל־שאפט, דארטן איז גובר דער קלעריקאליזם. אלע פּארטייען פארשטייען די וויכטיקייט פון דער פראגע און שטעלן זיך נישט אָפּ פאר קיין קרבן אויף צו פארזיכערן זיך דעם זיג. זייער מאָטא איז: „פאר און דורך דער שול". און דאס גוטע פאלק דארף זיין דאנקבאר פאר אזוי פיל זארגפעלי־קייט. אלע ווילן, אז דאס פאלק זאל זיך אויפהויבן דורך בילדונג, אלע ווילן זיין גליק דורך אויפקלערונג. אמאל האָבן נאָך אנדערע אים געקאנט זאָגן: „אָט די ווילן דיך האלטן אין אומוויסן, כדי זיי זאלן דיך בעסער קאָ־נען עקספּלואטירן; מיר ווילן, אז דו זאָלסט זיין געבילדעט און פריי". היינט צו טאָג איז עס שוין מער נישט מעגלעך — שולן זיינען דאָ אין אלע ווינקעלעך, אונטער אלע מינים פאָנען.

און אָט טאקי אין דער איינשטימיקער אידייען־ענדערונג לגבי דער שול, וואָס איז פארגעקומען ביי די רעגירער, געפין איך מאָטיוון אויף נישט צו געטרויען זייער גוטן ווילן. אין אָט דעם שינוי געפין איך אויך א דערקלערונג צו די פאקטן, וואָס רופן ביי מיר ארויס ספקות איבער דער ווירקזאמקייט פון די מיטלען צו באנייען די שול, מיט וועלכע געוויסע רעפארמאטארס ווילן זיך באנוצן. איבעריקנס, זארגן זיך דידאזיקע רעפאר־מאטארס בכלל זייער ווייניק וועגן דער סאציאלער באדייטונג פון דער־דערציאונג. דאס זיינען מענטשן, וואָס זוכן מיט התלהבות דעם וויסנשאפט־לעכן אמת, אבער ווען זיי שטויסן זיך נאָר אָן אויף א זאך, וואס איז פרעמד צום אייגנטלעכן אָביעקט פון זייערע אונטערזוכונגען, ווארפן זיי עס אָפּ. זיי ארבעטן מיט גרוים געדולד צו דערקענען דאָס קינד, און זיי וועלן קור־

מען דערצו — זייער וויסנשאפט איז דערוווייל נאָך יונג — אונדז צו זאגן, וועלכע דערציאונגס־מעטאָדן עס פּאסן זיך בעסער פאר דער אינטעגראלער אנטוויקלונג פון די קינדער.

אָבער אָט די אויף א געוויסן אופן, פּראפעסיאנעלע גלייכגילטיקייט איז, נאך מיין מיינונג נאך — זייער שעדלעך פאר דער זאך, וואס זיי מיינען צו דינען.

בשום אופן בין איך זיי נישט חושד אין אומבאוואוסטזיניקייט בנוגע די ווירקלעכקייטן פון דער סאציאלער סביבה, און איך ווייס, אז זיי דערווארטן פון זייער טעטיקייט די בעסטע רעזולטאטן לטובת הכלל. זיי דענקען אזוי: „ארבעטנדיק אף צו אנטדעקן די סודות פון מענטשלעכן לעבן, זוכנדיק דעם פּראצעס פון דעם מענטשנס פיזישער און פּסיכישער אנטוויקלונג, וועלן מיר געבן דער דערציאונג אזא ריכטונג, וואס וועט מוזן זיין גינציק פאר דער באפרייאונג פון אלע כוחות. דירעקט ווילן מיר זיך נישט באשעפטיקן מיט דער באנייאונג פון דער שול; ווי געלערנטע, וואלטן מיר עס גארנישט געקאָנט אויך, ווארום מיר קאָנען נאָך נישט גענוי באשטימען, וואס עס איז פאראן דערבײַ צו טאן".

„מיר וועלן גיין בהדרגהדיק, לאנגזאם, און מיר זיינען איבערצייגט, אז די שול וועט זיך מוזן בייטן בהסכם מיט אנדערע אנטדעקונגען. אויב איר פרעגט אונדז, וואס פאר א האפענונגען מיר האבן, זיינען מיר איינשטימיק מיט אייך, אז מען דארף פאָרויסזען אן עוואלוציע אין דער ריכטונג פון א ברייטער באפרייאונג פונם קינד און פון דער מענטשהייט דורך דער וויסנשאפט. אבער אויך אין דעם פאל זיינען מיר איבערצייגט, אז אונדזער ארבעט צילט דורכוים צו דערדאָזיקער אויפגאבע, און וועט זי אויך פארווירקלעכן דורך די שנעלסטע און גלייכסטע וועגן".

אין פלוג איז אט די רעזאנירונג זייער לאגיש, און קיינעם וועט ניט איינפאלן זי אפּצופרעגן. און פונדעסטוועגן ליגט אין דעם א היבש ביסל אילוזיע. ווען די רעגירער וואלטן געהאט, ווי מענטשן, דיזעלביקע אידייען, ווי די גוטהארציקע רעפארמאטארס, ווען זיי וואלטן זיך באמת געזארגט פאר א כסדרדיקער רעארגאניזאציע פון דער געזעלשאפט, אין

דער ריכטונג צו א פראגרעסיווער פארשווינדונג פון אלע קנעכטשאפטן. וואלט מען געקענט זאגן, אז די אנשטרענגונגען פון דער וויסנשאפט וועלן שוין אליין אויסבעסערן דעם גורל פון די פעלקער, אט דא אבער ליגט דער גרויסער טעות. מיר ווייסן צו גוט, אז די, וואס רייסן זיך איבער דער מאכט, זארגן זיך בלויז פאר זייערע אייגענע אינטערעסן — זיי ווילן זיגן בלויז פאר זיך און פאר דער באפרידיקונג פון זייערע אפעטיטן. שוין לאנג, אז מיר האבן אויפגעהערט צו גלויבן אין די ווערטער, מיט וועלכע זיי פארמאסקירן זייערע אמביציעס. ערגעץ וואו געפינען זיך נאך תמי־מותדיקע מענטשן, וואס גלויבן, אז זיי האבן נאך אביסל אויפריכטיקייט און שמועסן זיך אפילו איין, אז אמאל ווילן זיי אויך דאס גליק פון זייערע מיטמענטשן; אבער אזעלכע נאיווע ווערן כסדר וויינִיקער, און דער פאזי־טיוויזם פון דעם יארהונדערט ווערט צו גרויזאם, אז ביי אונדז זאלן נאך קאנען בלייבן ספקות בנוגע די אמתע פניות פון יענע, וועלכע רעגירן אי־בער אונדז.

פונקט ווי זיי האבן זיך אן עצה געגעבן, ווען עס איז ארויפגעשוואו־מען די נויטווענדיקייט פון בילדונג, אז אט די בילדונג זאל נישט ווערן פאר זיי קיין סכנה, אזוי וועלן זיי זיך אויך געבן אן עצה, ווי אזוי איבער־צובויען די שול בהסכם מיט די נייע וויסנשאפטלעכע פאקטן, אז קיין זאך זאל נישט קענען באדראען זייער אויבערמאכט. דאס זיינען זיכער אזעלכע געדאנקען, וואס א סך וועלן שווערלעך אננעמען; מען האט זיך אבער גע־דארפט נענטער צוקוקן צו דעם, וואס עס קומט פאר, און ווי אזוי אלץ פירט זיך אין דער ווירקלעכקייט, כדי נישט צו לאזן אפנארן זיך פון ווערטער. וואס פאר א האפ־פענונגען האט מען דען נישט געלייגט און וואס פאר א האפענונגען מען לייגט נאך איצט אויף דער בילדונג! דאס רוב פראגרעסיווע מענטשן דער־ווארטן פון איר אלץ, און ערשט אין דער לעצטער צייט האבן אייניקע אנ־געהויבן צו פארשטיין, אז די בילדונג ברענגט נישט מער, ווי אילוזיעס. ערשט איצט כאפט מען זיך, ווי אומנוציק עס זיינען די אלע ידיעות, וואס ווערן דערווארבן אין דער שול. דורך די היינטיקע דערציאונגס־סיסטעמען. ערשט איצט ווערט מען געוואר, אז אלע האפענונגען זיינען געוועזן אומ־

זיסט. און דאס איז דערפאר, ווייל די שול שטימט בשום אופן נישט מיט דעם אידעאל, וואָס מען שטעלט זיך פאר פון איר, פארקערט, אין אונדזער צייט מאכט זי פון דער בילדונג דעם שטארקסטן כלי־זין פון פארשקלאַ־פונג אין די הענט פון די רעגירער. זייערע לערער זיינען נישט מער, ווי באוואוסטזיניקע אדער אומבאוואוסטזיניקע אינסטרומענטן פון זייער ווילן. די לערער אליין זיינען אויך געבילדעט נאך זייערע פרינציפן נאך; פון די יינגסטע יארן אן זיינען זיי געווען אונטערגעווארפן, און נאך מער פון אלע אנדערע, אונטער דער דיסציפלין פון זייער אויטאריטעט; זייער ווייניק און זעלטן האבן זיך געפונען אזעלכע, וואס האבן זיך ארויסגעריסן פון דער גוואלט פון דערדאזיקער הערשאפט; בכלל בלייבן זיי, אבער, אומ־מעכטיק אנטקעגן איר, ווייל די שול־ארגאניזאציע דריקט אויף זיי מיט אזא כוח, אז זיי מוזן זיך אונטערגעבן. איך וויל דא נישט דערציילן דעם פראצעס פון אָט דער ארגאניזאציע. זי איז גוט באקאנט און מען קאָן זי כאראקטעריזירן מיט איין ווארט: צ וו א נ ג . די שול פארשפארט די קינדער, זי דריקט זיי קערפערלעך, גייסטיק און מאראליש, כדי צו ריכ־טן די אנטוויקלונג פון זייערע פעאיקייטן אהין, וואו איר לוינט. זי נעמט צו ביי די קינדער די מעגלעכקייטן צו קומען אין באַרירונג מיט דער נאַ־טור, כדי זי זאל זיי קאנען אויסבילדן נאך איר וואונטש נאך. אט אין דעם ליגט די דערקלערונג פון אלץ, וואס איך האב דערמאָנט: דאס באמיען זיך מצד די רעגירער אנצופירן מיט דער פאלקס־דערציאונג און דער באנקראט פון די האפענונגען פון די פרייע גייסטער. די היינטיקע דערציאונג איז נישט מער, ווי א מין ד ר ע ס י ר ן.
איך גלויב נישט, אז די סיסטעמען, וואס ווערן איצט גע־ברויכט, זאלן זיין בארעכנט אין פארוים, אז מען האט עס לכתחילה איינ־געפירט מיט דער זיכערקייט, אז מען וועט באקומען גראד די רעזולטאטן, וועלכע מען האט פארלאנגט. ניין, אויף אזויפיל גלויב איך נישט, ווארום דעמאלט וואלט מען שוין געדארפט חושד זיין, אז די אנפירער זיינען זשע־ניעס. אבער אלץ קומט פאָר, אקוראט ווי דידאזיקע דערציאונג וואלט באמת אנטשפראכן א ברייטע אויפפאסונג פון א וואונדערבארן אומפאנג. בעסער וואלט מען עס גארנישט געקאנט מאכן. און, אייגנטלעך, האבן דא

נאר געשפּילט א ראָל די פּרינציפּן פון דיסציפּלין און אויטאָריטעט, וועל־
כע האָבן אין אַלע צייטן באַוועגט די סאָציאַלע אָרגאַניזאַטאָרן. בלויז איין
אידייע האָבן זיי א קלאָרע און איין וואונטש: די קינדער דאַרפן זיך גע־
וואוינען פאָלגן, גלויבן, דענקען בהסכם מיט די סאָציאַלע דאָגמעס, וועל־
כע הערשן איבער אונדז. אויף אַזאַן אופן קאָן די בילדונג נישט זיין אַנ־
דערש, ווי זי איז היינט. עס האַנדלט זיך דאָ נישט פון אונטערשטיצן די
פרייע אַנטוויקלונג פונם קינדס פעאיקייטן, לאָזן אים פריי זוכן די באַ־
פרידיקונג פון זיינע פיזישע, אינטעלעקטועלע און מאָראַלישע באַדערפע־
נישן; ניין, דאָ האַנדלט זיך פון איינוואָרצלען אין אים פאַרטיקע אידייען,
נאָך מער: אויף אייביק צו שטערן אים דענקען אַנדערש, ווי דאָס איז נוי־
טיק פאַר דער אויפהאַלטונג פון די היינטיקע געזעלשאַפטלעכע אינסטי־
טוציעס; דאָ האַנדלט זיך, בקיצור, פון מאַכן פונם קינד א געטרוי, צום גע־
זעלשאַפטלעכן מעכאַניזם, צוגעפּאַסטן אינדיווידו.

עס איז, אַלזוי, נישטאָ וואָס צו וואונדערן זיך, וואָס אַזאַ דערציאונג
האָט נישט קיין שום איינפלוס אויף דער מענטשלעכער באַפרייאונג. איך
חזר איבער נאָך אַמאָל: זי איז נישט מער, ווי א מיטל צו הערשן אין די
הענט פון די רעגירער. קיינמאָל האָבן זיי נישט געזוכט דעם אינדיווידס
דערהויבונג, נאָר זיין פאַרשקלאַפונג, און עס איז דורכויס נוצלאָז צו
דערוואַרטן עפּעס אַנדערש פון דער היינטיקער שול. און אַזוי, ווי עס איז
געגאַנגען ביז איצט, אַזוי וועט עס גיין ווייטער אויך. מיר האָבן נישט קיין
אורזאַך צו האָפן, אַז די רעגירונגען זאָלן איבערבייטן זייער סיסטעם. ז־י
איז געלונגען אויסצונוצן די בילדונג צו זייער טובה, און זיי וועלן אויך
ווייטער פאַרשטיין, ווי אויסצונוצן, ווידער טאַקע, לטובת זיך, אַלע אויס־
געפינונגען, וועלכע וועלן נאָר אַרויפקומען. עס וועט קלעקן צו דערהאַלטן
דעם גייסט פון דער שול, די אויטאָריטערע דיסציפּלין, וועלכע הערשט אין
איר, אַז אַלע נייע איינפירונגען זאָלן גיין לטובת זיי. און אויף דעם וועלן זיי
שוין שטאַרק אַכטונג געבן, דאָס מעג מען זיין זיכער.

איך וואָלט געוואָלט אויפמערקזאַם מאַכן יענע, וואָס לייענען מיין
אַרטיקל, אויף דעם פאָלגנדיקן געדאַנק: דער גאַנצער ווערט פון דער דער־
ציאונג באַשטייט אין דער אַכטונג צום קינדס קערפּערלעכן, גייסטיקן און

מאָראַלישן ווילן. פּונקט ווי אין דער וויסנשאַפט איז נישט מעגלעך קיין באַווייזן מחוץ פון די פאַקטן, אַזוי קאָן נישט געמאָלט זיין קיין ווירקלע־כע דערציאונג מחוץ פון אַזעלכער, וואָס איז פריי פון איטלעכן דאָגמאַ־טיזם. לאָזט דעם קינד אַליין איבער די אַנפירערשאַפט איבער זיינע כוחות, און שטעלט זיך פאַר אַן אויפגאַבע נאָר צו העלפן אים אין דעם. עס איז נישט פאַראַן קיין לייכטערע זאַך, ווי צו פאַרדייען דידאַזיקע באַדייטונג פון דער דערציאונג, אַפּצוהיטן זי, אָבער, איז זייער שווער. דער היינטיקער דערציער אימפּאָנירט זיך, צווינגט; דער אמתער דערציער איז אָבער יע־נער, וואָס היט זיך פון אַרויפצווינגען זיינע אייגענע אידייען, זיין ווילן, אדרבא, ער פאַרלאָזט זיך אויף די אייגענע כוחות פונם קינד.

דערפון זעט מען, ווי לייכט די דערציאונג לאָזט זיך מאָדערלירן און סאַראַ לייכטע אויפגאַבע עס האָבן יענע, וועלכע ווילן פאַרשקלאַפן דעם אינדיווידד. די בעסטע מעטאָדן ווערן אין זייערע הענט די מעכטיקסטע און פּולקאַמסטע אינסטרומענטן פון טיראַניי. אונדזער אידעאַל איז, נאַטירלעך, דער אידעאַל פון דער וויסנשאַפט, און פון איר ווען מיר פאַרלאַנגען, זי זאָל אונדז געבן די מאַכט אַזוי צו דערציען דאָס קינד, אַז זיין אַנטוויקלונג זאָל באַגאַנציקט ווערן דורך דער באַפרידיקונג פון אַלע זיינע באַדערפע־נישן.

מיר זיינען בטוח, אַז אין דער צוקונפט וועט די דערציאונג זיין אַ פרייוויליקע, אַ נאַטירלעכע. איצט קאָנען מיר זי נאָך נישט פאַרווירקלעכן, אָבער די עוואָלוציע פון די מעטאָדן, וועלכע וועט, וואָס ווייטער, ברענ־גען אַלץ אַ ברייטערע פאַרשטענדניש פאַר די דערשיינונגען פון לעבן, און דער פאַקט, אַז איטלעכע השלמה פירט צו דער באַפרייאונג פון עפּעס אַ צוואַנג, — דאָס אַלץ ווייזט אונדז, אַז מיר זיינען גערעכט ווען מיר דער־וואַרטן פון דער וויסנשאַפט די באַפרייאונג פונם קינד.

איז דאָס דער אידעאַל פון די, וועלכע באַלעבאַטעווען איצט איבערן שול־וועזן? איז עס דאָס, וואָס זיי ווילן פאַרווירקלעכן? און ווילן זיי אויך אַראָפּנעמען איטלעכן צוואַנג? — בשום אופן נישט. זיי וועלן געברויכן זייערע נייע מיטלען צו זייער אַלטן צוועק, ד. ה. אויף אויסצובילדן אַזעלכע

גוזנס, וואָס זאָלן אננעמען אַלע קאָנווענציאָנאַליזמען, אַלע פאָרורטיילן, אַלע ליגנס, אויף וועלכע די געזעלשאַפט איז באַזירט.

מיר האָבן קיין מורא נישט אַרויסצוזאָגן אָפן: מיר ווילן אַזעלכע מענטשן, וואָס זאָלן זיין פעאיק כסדר זיך צו אַנטוויקלען, וואָס זאָלן זיין פעאיק צו צעשטערן און צו באַנייען אומאויפהערלעך זייער קרייז און זיך אַליין באַנייען; מענטשן, וועמענס אינטעלעקטועלע אומאָפהענגיקייט זאָל זיין די גרעסטע קראַפט; מענטשן, וועלכע וועלן נישט זיין צוגעבונדן צו קיין זאַך, נאָר תמיד גרייט אָנצונעמען דאָס, וואָס איז בעסער; מענטשן, וואָס וועלן זיין גליקלעך פון דעם נצחון פון נייע אידייען; מענטשן וואָס שטרעבן צו לעבן אַ סך לעבנס אין איין לעבן. די היינטיקע געזעלשאַפט ציטערט פאַר אַזעלכע מענטשן, מיר קאָנען, אַלזוי, נישט האָפן, אַז זי וועט ווען עס איז וועלן האָבן אַזאַ דערציאונג, וואָס זאָל זיין פעאיק אונדז צו געבן אַזעלכע מענטשן.

* *

*

בכן, וואָס איז אונדזער מיסיע? וואָס פאַר אַ מיטל וועלן מיר אויסקלייבן אויף בייצוטראָגן צו דער באַנייאונג פון דער שול?

מיר וועלן אויפמערקזאַם נאָכפאָלגן די אַרבעטן פון יענע געלערנטע, וועלכע שטודירן דאָס קינד — און וועלן זען באַלד אויסצוזוכן די מיטלען אויף אַנצואווענדן זייערע פאָרשונגען אויף דער דערציאונג, וואָס מיר וועלן ריכטן צו דער שטייגנדיקער באַפרייאונג פון אינדיווידי. אָבער ווי אַזוי וועלן מיר דערגרייכן צו אונדזער ציל? — אָן ספק, זיך נעמענדיק באַלד צו דער אַרבעט, וועלכע דאַרף באַשטיין אין דעם, וואָס מער צו גרינדן נייע שולן, וואו עס וועט הערשן, אויף וויפל עס איז מעגלעך, יענער פרייהייטס גייסט, מיט וועלכן עס וועט זיין דורכגעדרונגען די גאַנצע דערציאונג אין דער צוקונפט.

עס איז שוין געמאַכט געוואָרן אַ פּרואוו, וואָס קאָן דערווייל ברענגען אויסגעצייכנטע רעזולטאַטן. מיר קאָנען צעשטערן אַלצדינג, וואָס

פירט אין דער היינטיקער שול צום צוואנג; צעשטערן די קינסטלעכע קרייזן, וואו די קינדער זיינען דערווייטערט פון דער נאטור און פון דעם לעבן; די אינטעלעקטועלע און מאראלישע דיסציפלין, מיט וועלכער מען באנוצט זיך אויף איינצואווארצלען אין זיי פארטיקע אידייען און פאר־שידענע מיינונגען, וואס פארדארבן און פארניכטן דעם ווילן. אָן מורא פאר אנטוישונגען קאנען מיר איבערלאזן דאס קינד אין יענער סביבה, וועלכע פאסט פאר אים, אין דער סביבה פון דער נאטור, וואו ער וועט קומען אין בארירונג מיט אלצדינג, וואס ער האט ליב, און וואו די לעבע־דיקע איינדרוקן וועלן פארנעמען דעם פלאץ פון די לאנגווייליקע לעקציעס פון ווערטער. אויב מיר וואלטן אפילו מער נישט געטאן, ווי דאס, וואלטן מיר אויך צוגעגרייט א גרויסן טייל פונם קינדס באפרייאונג.

אין אזעלכע סביבות וואלטן מיר געקאנט פריי אנווענדן די רעזול־טאטן פון דער וויסנשאפט און ארבעטן מיט דערפאלג.

איך ווייס גאנץ גוט, אז מיט דעם וועלן מיר נאך נישט קאנען פאר־ווירקלעכן אלע אונדזערע האפענונגען, אז אפט וועלן מיר, מחמת מאנגל אין ידיעות, מוזן געברויכן אומפאסיקע מיטלען. איין זאך, אבער, וועט אונדז תמיד ביישטיין אין אונדזער ארבעט, — נעמלעך: די זיכערקייט, אז אויב אפילו מיר וועלן נישט דערגרייכן אונדזער גאנצן ציל, וועלן מיר אבער אין אונדזער נאָך נישט פולקומענעם ווערק אויפטאן מער און בעסער פון דעם, וואס עס טוט אויף די היינטיקע שול. מיר איז ליבער די פרייע נאטירלעכקייט פון א קינד, וואס ווייס גארנישט, ווי די בילדונג פון ווער־טער און אינטעלעקטועלע פארקריפלונג פון א קינד, וואס האט דורכגע־מאכט די היינטיקע דערציאונג.

דעם פרואוו, וואס מיר האבן געמאכט אין בארסעלאנא, האבן אנ־דערע געמאכט אין פארשידענע פלעצער, און אלע האבן מיר געזען, אז די ארבעט איז מעגלעך. איך מיין, אלזוי, אז מען דארף שוין אנהויבן, נישט אָפּלייגן. מיר וועלן נישטווארטן ביז די אויספארשונג פונם קינד וועט זיך ענדיקן אויף אונטערצונעמען די באנייאונג פון דער שול. אויב מיר וועלן ווארטן אויף דעם, וועלן מיר קיינמאל גארנישט טאן. מיר וועלן זיך

באנוצן מיט די ידיעות, וואס מיר האבן, און מיר אליין וועלן זיך כסדר לערנען און אנווענדן די רעזולטאטן אין דער באנייטער שול. אן אלגע־מיינער פלאן פון א ראציאנאלער דערציאונג איז שוין מעגלעך, און אין אזעלכע שולן, ווי מיר באגרייפן זיי, קאנען די קינדער זיך אנטוויקלען גליקלעך און פריי, לויט זייערע שטרעבונגען. מיר וועלן ארבעטן אויף צו פארפולקומען דעמדאזיקן פלאן און אים אויסברייטערן.

אט דאס זיינען אונדזערע פראיעקטן. מיר ווייסן גאנץ גוט, אז פאר־ווירקלעכן זיי וועט אנקומען שווער. מיר ווילן אבער אנהייבן זיי דורכצו־פירן, און מיר זיינען איבערצייגט, אז אונדז וועלן העלפן אלע די, וועלכע קעמפן פאר דער מענטשלעכער באפרייאונג פון די דאגמען און פון די קאנ־ווענציאנאליזמען, וואס באפעסטיקן דעם המשך פון דער היינטיקער עולהדיקער סאציאלער ארדענונג.



X

## נישט באַלוינען און נישט באשטראפן

דער ראציאנאלער אונטעררי‍כט איז, קודם כל, א מעטאד אויף צו פארטיידיקן זיך אַנטקעגן טעותים און עם־הארצות. איגנארירן אמתן און גלויבן אין אבסורדן איז דאס גאנגבארסטע אין אונדזער געזעלשאפט. דערפון נעמט זיך דער קלאסן־אונטערשיד און דער אנטאגאניזם פון אינטערעסן מיט זייער גאנצער עקשנותדיקייט און קאנטינואיטעט.

היות, מיר האבן שוין אנגענומען און דורכגעפירט די קאָעדוקאַציע פון יינגלעך מיט מיידלעך און פון ארעמע מיט רייכע און דערמיט גענומען פאר אן אויסגאנגס־פונקט די סאלידאריטעט און די גלייכהייט, האבן מיר נישט געדארפט באשאפן קיין נייע אומגלייכהייט, און בכן זיינען אין דער מאדערנער שול נישט געווען קיין באלוינונגען און קיין שטראפן. מיר האבן אויך אפגעשאפט די עקזאמענעס, וועלכע צעטיילן די קינדער אויף אזעלכע, וואס נעמען זיך איבער מיט זייער קאליפיקאציע „אויסנעצייכנט", אויף מיטלמעסיקייטן, וואס באנוגענען זיך מיט דער ווולגארער קאליפיקאציע „גענוגנד" און שלים־מזלס, וואס דארפן ליידן די חרפה פון ווערן פאראכט, ווי טויגעניכצן.

אט דיזאזיקע אונטערשידן, וועלכע ווערן אויפגעהאלטן אין די אפיציעלע, רעליגיעזע און אינדוסטריעלע שולן, וואס לעבן בהסכם מיט דער ארומיקער סביבה, האבן אין דער מאדערנער שול, איבער די פריער געזאגטע טעמים, נישט געטארט אנגענומען ווערן.

ווען מען האט נישט אין אויג א באשטימטן לימוד, טאר מען ווען

קיינעם נישט ארויסטראגן קיין פסק־דין, צי ער איז פעאיק אדער אומפעאיק. בעת עס ווערט געלערנט א באזונדער וויסנשאפט, א קונסט, א מלאכה, א וועלכע נישט איז ספעציאליטעט, וואס פאדערט ספעציעלע איינגנשאפטן, דעמאלט קאן געמאלט זיין צו ריידן וועגן פארשידנארטיקע בארופן און פעאיקייטן. אין דעם פאל קאן דער עקזאמען ברענגען נוצן, און אפשר קאן דעמאלט בארעכטיקט ווערן דער אקאדעמישער דיפלאם, אדער, פארקערט, די טרויעריקע נעגאטיווע קאליפיקאציע. איך דיסקוטיר נישט וועגן דעם: איך זאג זיך נישט ארויס, נישט פאר און נישט קעגן. אבער אין דער מ א ד ע ר נ ע ר ש ו ל איז אזא ספעציאליטעט נישט געווען, דארטן האט מען אפילו נישט מקדים געווען יענע לימודים, וואס זיינען דרינגענדיק נויטיק צוליב זייער איינגנשאפט צו איינשטעלן דעם גייסטיקן קאנטאקט מיט דער וועלט. דאס בולטסטע פון יענער שול, דאס, וואס האט זי אויסגעשיידט פון אלע, אפילו פון יענע, וואס האבן פרעטענדירט צו זיין פראגרעסיווע מוסטערן, איז געווען דער פאקט, וואס אין איר האט מען געזוכט אזוי ברייט, ווי מעגלעך, אויסצואוויקלען די קינדערשע פעאיקייטן, זיך נישט צובינדנדיק צו קיין שום דאגמאטישן פאטראן, אפילו נישט צו דעם, וואס מען וואלט געקאנט האלטן פארן רעזומען פון דעם גרינדערס און לערערס איבערצייגונגען. איטלעכער שילער פלעגט ארויס פון דארטן צו דער געזעלשאפטלעכער טעטיקייט אויף צו זיין זיין אייגענער לערער און מורה־דרך פארן גאנצן לעבנס־משך.

פארשטייט זיך, אז צוליב דער ראציאנאלער אוממעגלעכקייט אויסצוטיילן פרעמיעס, איז אויך געווען אוממעגלעך ארויפצולייגן שטראפן, און קיינער וואלט אין יענער שול נישט געטראכט פון אזעלכע שעדלעכע מנהגים, ווען פון דרויסן וואלט נישט געקומען אזא פאדערונג. עס פלעגן קומען אהין עלטערן, וואס האבן געהאלטן פונם פארשימלטן אפאריזם: „די קענטעניש גייט אריין מיט בלוט", און פלעגן בעטן פאר זייערע קינדער אן אכזריותדיקן רעזשים. אנדערע וואלטן, פון גרוים התפעלות פאר דער געראטנקייט פון זייערע קינדער, געוואלט האבן דעם נחת צו זען, ווי זייערע אפשטאמלונגען צייכענען זיך אויס ביי אן עקזאמען און גלאנצן ארויס מיט שרייענדיקע טיטלען און מעדאלן. אין יענער שול, אבער, האט

מען נישט אויסגעטיילט קיין פּרעמיעס און נישט ארויפגעלייגט קיין שטראָפן אויף די שילער, מען האָט נישט צופרידנגעשטעלט די עלטערנס פאָרורטיילן. דעם, וואָס פלעגט זיך אויסצייכענען מיט זיין גוטסקייט, מיט זיין התמדה, מיט זיין נאָכלעסיקייט, אָדער אומפּינקטלעכקייט, פלעגט מען מאַכן אויפמערקזאַם אויף דער ווירקונג, וואָס עס האָט גע־קאָנט האָבן לטובה אָדער לרעה אים, אָדער פון קאָלעקטיוו. זיי פלעגן געבן שטאָף פאַר אַ שייכותדיקער אָפּהאַנדלונג מצד דעם באַטרעפנדיקן לע־רער, און מיט דעם פלעגט זיך ענדיקן. די עלטערן פלעגן זיך ביסלעכווייז צוגעוואוינען צו דער סיסטעם, און נישט איין מאָל האָבן זיי געמוזט פאַר־טראָגן, אַז זייערע אייגענע קינדער זאָלן זיי ארויספירן פון זייערע טעותים און פאָרורטיילן.

פונדעסטוועגן, פלעגט די רוטין אַלע וויילע עקשנותדיק ארויסוואַקסן, און איך פלעג זיין געצוואונגען איבערצוחזרן מיינע טענות, איבערהויפּט מיט די עלטערן פון די נייע תלמידים. איך האָב דעריבער פאַרעפנטלעכט אין באַלעטין דאָס פאָלגנדיקע אַרטיקל:

## פאַרוואָס די מאָדערנע שול האַלט נישט אָפּ קיין עקזאַמענעס.

די קלאַסישע עקזאַמענעס, אַט יענע, וואָס מיר זיינען צוגעוואוינט צו זען סוף שול יאָר, און פון וועלכע אונדזערע עלטערן האָבן געהאַלטן אַן עולם ומלואה, ברענגען נישט קיין שום רעזולטאַט. אויב זיי האָבן עפּעס אַ פּועל יוצא, איז עס לרעה.

דידאַקטישע אַקטן, וואָס ווערן פאַרוויקלט אין לעבערלעכע פייערלעכ־קייטן, זיינען, ווי עס ווייזט אויס, איינגעפירט געוואָרן בלויז אויף צו באַ־פרידיקן די קרענקלעכע אייגן־ליבע פון די עלטערן, די פאַריסענע גאוה און עגאָיסטישן אינטערעס פון אַ סך לערער און צו פאַרורזאַכן די קינדער גרויסע יסורים פאַר די עקזאַמענעס און, דערנאָך, די נאָכפאָלגנדיקע, מער אָדער ווייניקער פּריצייטיקע קרענק.

איטלעכער פאָטער האָט חשק, אַז זיין קינד זאָל ארויסטרעטן פאַר דער

עפנטלעכקייט, ווי איינער פון די צאָלרייכע אויסגעצייכנטע פון שול, ער זאָל שמען פאַר אַן עילוי. עס גייט אים נישט אָן, וואָס צוליב דעם וועט זיין קינד פאַר אַ פּופּצן טעג אָדער פאַר אַ חודש, דורכגיין די ראַפינירטסטע אינקוויזיציעס. היות, מען משפּט נאָכן אויסערלעכן אויסזען נאָך, קומט מען צו דער איבערצייגונג, אַז די געגאַנטע אינקוויזיציעס זיינען גאָר קיין אינקוויזיציעס נישט, וואָרום זיי לאָזן נישט איבער קיין סימן נאָך זיך, אפילו קיין קלענסטן דראַפּ אָדער אומבאַדייטנדיקסטן צייכן אויפן לייב...

די אַלגעמיינע אומבאַוואוסטזיניקייט אויף דעם, וואָס איז נוגע דעם קינדס נאַטור, און אויף דער עולה פון אוועקשטעלן קינדער אין צוואַנגס־תנאים, כדי זיי זאָלן איבערגוואַלט אַרויסקריגן פון זייער שוואַכער פּסי־כיק איבערנאַטירלעכע אינטעלעקטועלע כוחות, איבערהויפּט אין דער ספער פון זכרון, לאָזט די עלטערן נישט זען, אַז איין רגע פון צופרידנגעשטעל־טער אייגן־ליבע קאָן זיין די סיבה, ווי דאָס האָט פיל מאָל געטראָפן, פון זייערע קינדערס קראַנקהייט, און אפילו מאָראַלישן און מאַטעריעלן טויט.

דעם רוב לערער, פון דער אַנדערער זייט, וואָס זיינען מער סטעראַטי־פּיסטן פון פּאַרטיקע פּראָזן, מעכאַנישע שטאַפּער, ווי דעם תלמידס מ אַ ־ ר אַ ל י ש ע פּ אַ ט ע ר ס, אינטערעסירט אין די עקזאַמענעס בלויז זיי־ער אייגענע פּערזאָן און עקאָנאָמישער מצב. זייער ציל איז בלויז צו באַ־ווייזן די עלטערן און די אַנדערע אַנוועזנדיקע ביי די עקזאַמענעס, אַז דער תלמיד, אונטער זייערע פליגל, קאָן אַ גוזמא, אַז זיינע ידיעות איבערטרעפן אין פאַרנעם און אין קוואַליטעט אַלץ, וואָס מען וואָלט געמעגט דערוואַרטן פון זיין יונגן עלטער און פון דער קורצער צייט, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין דעם זייער מומחהדיקן לערערס שול.

חוץ דערדאַזיקער קליינלעכער גאווה, וואָס ווערט צופרידנגעשטעלט אויפן חשבון פון דעם שילערס מאָראַלישן און פיזישן לעבן, שטרעבן זיך אָט די באַשטימטע לערער אַן אַרויסצוקריגן אַ יישר כוח פון דעם המון עלטערן און אַנדערע ביינוועזנדיקע, וועלכע פאַרשטייען נישט, וואָס דאָ קומט פאַר אין דער אמתן, פּשוט צוליב אַ רעקלאַמע פאַר זייער ש ו ל־ק ר ע מ ל.

אין פּשוטע ווערטער: מיר זיינען די פאַרביסנסטע קעגנער פון די

גענאנטע עקזאמענעס. אין שול דארף יעדע זאך געטאן ווערן לטובת דעם שילער. וואס עס דערגרייכט נישט יענעם ציל, מוז פארווארפן ווערן, ווי אנטיטעטיש צו דער נאטירלעכקייט פון א פאזיטיוון אונטעררירכט. פון די עקזאמענעס קומט דעם שילער נישט ארויס קיין שום טובה, נאר, אדרבא, פון זיי הויבן זיך אן א סך רעות. חוץ די פיזישע קראנקהייטן, איבערהויפט פון נערוון־סיסטעם און אפשר פון א פריצייטיקן טויט, זיינען די מאראלישע עלעמענטן, וואס אט דער קוואליפיצירט־אוממאראלישער אקט פארורזאכט אין קינדערשן געוויסן, אט וועלכע: משוגע־מאכנדיקע גאוה ביי די הויך באלוינטע, נאגנדיקע קנאה און דערנידעריקונג — א שטער פאר געזונטער איניציאטיוו — ביי די דורכגעפאלענע, און סיי ביי די און סיי ביי יענע, און ביי אלעמען בכלל, די התחלה פונם רוב געפילן, וואס בילדן מיט זיך די ניואנסן פונם עגאיזם.

אט האט איר דא א באגרינדונג פון אונדזער געדאנק, געמאכט פון א פראפעסיאנעלער שריפטשטעלערין אין אן ארטיקל, וואס איז געווען פארעפנטלעכט אין באלעטין:

## עקזאמענעס און קאנקורסן

סוף שול־יאר איז אונדז, ווי אין די פריערדיקע יארן, אויסגעקומען צו הערן וועגן קאנקורסן, וועגן עקזאמענעס, וועגן פרעמיעס. נאכאמאל האבן מיר געזען מארשירן די קינדער באלאדענע מיט דיפלאמען און מיט ביכער מיט רויטע טאוולען און גרינע אדער באגולטע צאצקעס. מיר האבן באטראכט דעם עולם מוטערס, אומרואיקע צוליבן אומזיכערן גורל פון זייערע קינדער, און קינדער, פארצאפלטע פון שרעק פאר די מוראדיקע עקזאמענעס, צו וועלכע זיי דארפן זיך צושטעלן, ווי פאר א שטרענגן בית־דין, וואס וועט זיי חוקר ודורש זיין אן רחמים. דער גאנצער אקט קריגט צוליב דעם אלעמען א געוויסע ענלעכקייט אויף די טעגלעכע משפטים אין קרייזגעריכט.

אט דאס איז דער סימוואל פון דער גאנצער איצטיקער אונטעררירכטס סיסטעם. ווארום מען רייסט נישט איבער אונדזער ארבעט אויף זי צו

סאנקציאנירן מיט צייכנס און קאליפיקאציעס בלויז אין איין צייט פון יאר, אדער אין איין לעבנס עלטער, נאָר אלע אונדזערע לערנס־יארן, און, פאר א סך פראפעסיעס, אין דעם גאנצן משך פון אונדזער לעבן.

די זאך הויבט זיך אן, זינט מיר ווערן אלט פינף אדער זעקס יאר, ווען מען לערנט אונדז לייענען: שוין אין אט דער צארטער עלטער נויט מען אונדז צו אינטערעסירן זיך נישט אזוי פיל מיט די „געשיכטעס". וועלכע מיר קאנען זיך דערוויסן פון דער נייער איבונג, און נישט מיט דער, מער אדער ווייניקער, אינטערעסאנטער צייכענונג פון די אותיות, וויפל מיט דער לייען־פרעמיע, וואס מיר דארפן זוכן צו געווינען אנטקעגן אונדזערע חברים. דאס ערגסטע איז, וואס מען מאכט אונדז רויט פאר חרפה, ווען מיר בלייבן הינטערשטעליק, אדער, וואס מען בלאזט אונדז אן מיט גאוה, ווען מיר באזיגן די אנדערע, ווען מיר האבן ארויסגערופן צו זיך די קנאה און שנאה פון אונדזערע חברים.

פאר דער צייט, וואס מיר פלעגן לערנען גראמאטיק, חשבון, וויסנ־שאפט און לאטיין, פלעגן די לערער און אונדזערע עלטערן, אזוי ווי אפגע־מאכט צווישן זיך, נישט אויפהערן זייערע באמיאונגען איינצוריידן אונדז, אז מיר זיינען ארומגערינגלט פון קאנקורענטן, וועלכע מיר דארפן באקעמפן, פון העכערע פאר אונדז, וועלכע מיר דארפן באַ־וואונדערן, און פון נידעריקערע, וועלכע מיר דארפן פאראכטן. צוליב וואס ארבעטן מיר? — פלעגט אונדז אמאל איינפאלן א פרעג צו טאן, און מען פלעגט אונדז אפענטפערן, אז מיר וועלן שוין אמאל געניסן די פרוכט פון אונדזערע אנשטרענגונגען, אדער מיר וועלן ליידן די קאנסעקווענצן פון אונדזער פוילקייט; און אלע אנרעגונגען און אלע אקטן פלעגן אין אונדז איינפלאנצן די איבערצייגונג, אז אויב מיר וועלן דער־גרייכן דעם ערשטן פאסטן, אויב אונדז וועט געלינגען צו זיין מער, ווי די אנדערע, וועלן אונדזערע עלטערן, משפחה און פריינט, דער לערער גופא, אונדז ארויסווייזן זייער ווערטפולן פאַרצוג. ווי א לאגישער פועל־יוצא, פלעגן אונדזערע אנשטרענגונגען באַרעכנט ווערן בלויז אויף דער באלוי־נונג, אויפן דערפאלג. אויף דעם אופן פלעגט זיך אין אונדזער מאראלישן וועזן בלויז אנטוויקלען די גאוה און דער עגאיזם.

נאך פיל געפערלעכער ווערט עס צו דער צייט, ווען מיר גייען אריין אין לעבן. די מאטורע איז א קנאפע סכנה, עס איז אינגאנצן נישט מער, ווי א פארמאליטעט, אבער זי עפנט די טיר צו א גרויסער מענגע קאריערעס, וואו די קאנקורענטן קעמפן אכזריותדיק צווישן זיך פארן רעכט אויף דער עק־זיסטענץ. ביז דעמאלט פארשטייט דער יונגערמאן נישט, אז ער ארבעט פאר זיך, אז ער דארף אליין פארזיכערן זיך זיין צוקונפט, און ער וועט זיך ערשט איבערציינגן, וואס ווייטער אלץ מער, אז ער דארף „באזיגן" די אנדערע, זיין שטארקער פאר זיי אדער שלויער. אט די אנשויאונג לאזט אירע שלעכטע שפורן אין גאנצן געזעלשאפטלעכן לעבן.

מיר האבן זיך אין דער געזעלשאפט אנגעטראפן אויף מענטשן פון אלערליי סארטן און פון פארשידענער עלטער, וועלכע וואלטן א טראט נישט געטאן און נישט געמאכט די מינדסטע אנשטרענגונג, אויב זיי וואלטן אי־נערלעך נישט געווען איבערצייגט, אז אלע מעלות זייערע וועלן זיי פא־רעכנט ווערן און ווען נישט־איז ווערן פולשטענדיק באצאלט.

די שטאטס־מענטשן ווייסן עס אויסגעצייכנט, היות זיי קריגן אזוי פיל ארוים פון די בירגער דורך די באלוינונגען, העכערונגען, אויסצייכנו־גען און קאנדעקאראציעס, וואס זיי פארטיילן. עס איז א לעבהאפטיקע־נשאר פונם קריסטנטום. די דאגמע פון אייביקער גלאריע האט אינספירירט דעם ע ר ן ־ ל ע ג י א ן. אויף איטלעכן טראט אין לעבן שלאגן מיר זיך אן אויף פרעמיעס, קאנקורסן, עקזאמענעס און אפאזיציעס. קאן דען גע־מאלט זיין עפעס, וואס זאל זיין טרויעריקער דערפון, מיאוסער, אדער פאל־שער ?

פאראן עפעס, וואס איז נאך אבנארמאלער, ווי די ארבעט צוצוגרייטן די פראגראמען — די מאראלישע און פיזישע איבערארבעט, וואס איר פועל־יוצא איז די פארקריפלונג פון אינטעלעקטן, מחמת, זי אנטוויקלט ביז איבערפלוס געוויסע פעאיקייטן לרעה פון אנדערע, וועלכע ווערן אטרא־פירט. דער קלענסטער פארוואורף, וואס מען קאן זיי מאכן, איז, אז זיי זיינען א צייט־פארלוסט, און אפטמאל דערגייט עס ביז צעשטערן לעבנס, ביז פארווערן אלע אנדערע פערזענלעכע, פאמיליארע אדער געזעלשאפט־לעכע זארגן. די ערנסטע קאנדידאטן טאָרן זיך נישט פארגינען קיין קינסט־

לערישע צעשטרייאונגען, נישט טראכטן פון ליבע און נישט אינטערעסירן זיך מיט כלל־זאכן, אונטער דער שטראף פון א דורכפאל.

און וואס זאלן מיר זאגן וועגן עקזאמענעס גופא, וואס די גאנצע וועלט זאל שוין דערפון נישט וויסן? איך וועל נישט ריידן וועגן די בכיונדיקע עולות, הגם מען וואלט געקאנט ברענגען ביישפילן; עס קלעקט, אז די אומגערעכטיקייט איז עסענציעל פארן יסוד פון דער סיסטעם. א צייכן אדער א קאליפיקאציע, וואס ווערט געגעבן ביי באשטימטע תנאים, וואלט געווען פארשידן, ווען געוויסע תנאים וואלטן זיך געביטן; למשל, ווען די עקזאמינאטארן וואלטן געווען אנדערע, ווען אן עקזאמינאטארס שטימונג וואלט, צוליב א וועלכן נישט איז אומשטאנד, געווען אן אנדערע. אין דעמדאזיקן ענין קיניגט דער צופאל, ווי אן אליינהערשער. און דער צופאל איז בלינד.

אויב מיר זאלן שוין אפילו מאכן די השערה, אז מען מעג געוויסע מענטשן, איינזעענדיק זייער עלטער און ארבעטן, אנערקענען, דאס זייער מסופקדיקע רעכט צו משפטן וועגן ווערט פון אנדערע מענטשן, צו מעסטן און, דער עיקר, פארגלייכן צווישן זיך די אינדיווידועלע ווערטן, וואלטן נאך אט די שופטים געמוזט אוועקשטעלן זייער פסק־דין אויף סאלידע יסודות. אנשטאט דעם, ווערן די אפשאצונגס־עלעמענטן רעדוצירט ביז א מינימום: אן ארבעט פון עטלעכע שעה, א שמועס פאר עטלעכע מינוט, און אט דאס קלעקט אויף צו דערקלערן, צי איין מענטש איז פעאיקער פון אן אנדערן דורכצופירן א געוויסע פונקציע, ווידמענען זיך א געוויסן שטודיום, אדער א געוויסער ארבעט.

די קאנקורסן און זייערע רעזולטאטן שטיצן זיך אויפן צופאל און קאפריז. קיינער פרעגט פונדעסטוועגן נישט אפ זייער אויטאריטעט, וואס אימפאנירט זיך נישט בלויז אויף די אינדיווידן, נאר אויך אויף זייערע באמיאונגען און ארבעטן. די וויסנשאפט גופא איז א דיפלאמירטע: פאראן אן אויסדערוויילטע וויסנשאפט, און ארום איר איז בלויז פאראן מיטל־מעסיקייט; אויסשליסלעך די פלאמבירטע און גאראנטירטע תורה גיט דעם מענטשן דאס רעכט אויף לעבן.

מיר דעקן מיט פארגעניגן אויף די חסרונות פון אט דער סיסטעם,

ווארום פאר אונדז איז זי בלויז א ירושה פון טיראנישן עבר. אייביק דיזעל־ביקע צענטראליזאציע, דערזעלביקער אפיציעלער לבוש.

זאל אונדז דערלויבט זיין פארצושטעלן זיך און דערפאר נישט פארעכנט ווערן פאר קיין אוטאָפּיסטן, א געזעלשאפט, אין וועלכער אלע, וואָס ווילן ארבעטן, זאָלן עס קאנען טאָן, אין וועלכער די יערארכיע זאל נישט עקזיסטירן, און אין וועלכער מען זאָל ארבעטן צוליב דער ארבעט און צוליב אירע גערעכטע פרוכט.

לאָמיר אנהויבן פון איינפירן זינט דער שול אָן די געזונטע מידות. זאָלן זיך די פעדאגאָגן אָפּגעבן מיט ארויסרופן ליבע צו דער ארבעט, אָן אומבארעכטיקטע סאנקציעס, היות עס זיינען דאך שוין פאראן נאטירלעכע און אומפארמיידלעכע סאנקציעס, וואָס מען וואלט זיי בלויז געדארפט באווייזן. דער עיקר, לאמיר אויסמיידן דאס איינפלאנצן אין די קינדער דעם באגריף פון פארגלייכן און מעסטן אינדיווידן צווישן זיך, וואָרום, כדי מענטשן זאָלן פארשטיין און אפשאצן די אומענדלעכע פארשידנ־ארטיקייט פון כאראקטערן און אינטעלעקטן, איז נויטיק אויסצומיידן ביי די שול־קינדער דעם שטייפן באגריף גוטער שילער, צו וועלכן איט־לעכער דארף שטרעבן, אבער צו וועלכן מען קאָן זיך דערנענטערן, מער אָדער ווייניקער, מיט גרעסערע אדער קלענערע פארדינסטן.

לאמיר, בכן, אפשאפן אין די שולן די קאליפיקאציעס, עקזאמענעס, פרעמיע־פארטיילונגען און אלערליי מינים באלוינונגען. דאס וועט זיין דער פראקטישער פרינציפּ.

עמיליא בואווען.

אין דעם 6־טן נומער, פינפטער יאָרגאנג, באָלעטין האָב איך געפונען פאר נויטיק צו פארעפנטלעכן דאס פאלגנדיקע:

## קיין שום שטראָפן מער

מיר באקומען אפטע מעלדונגען פון ארבעטער־בילדונגס־קרייזן און רעפּובליקאנישע ברודער־פארבאנדן,

מיט אנקלאָגן אויף אייניקע לערער, וועלכע באַשטראָפן די קינדער אין זייערע שולן.

מיר גופא האבן געהאט די אומאָנגענעמלעכקייט בייצוזיין, פאר אונדזערע קורצע און קנאפע ארויספאָרן, מאטעריעלע באווייזן פון דעם פאקט, אויף וועלכן מען קלאגט זיך — מיר האבן געזען קינדער אויף די קני אדער אין אנדערע געצוואונגענע פאָזעס אלס שטראָף.

דידאַזיקע נישט ראציאָנאַלע אטאווישע פירונגען מוזן פארשווינדן. די מאָדערנע פעדאגאָגיע קאָן זיי לחלוטין נישט פארטראגן.

די לערער, וואס באטן זיך אָן דער מאָדערנער שול און בעטן איר רעקאָמענדאציע אויף צו פראקטיציר ן די פראפעסיע אין די ברודער־שולן, מוזן זיך אפזאגן פון אלע מאטעריעלע און מאראלישע שטראפן, אויב זיי ווילן נישט דיסקאליפיצירט ווערן אויף תמיד. די וואָרטשענדיקע שטרענגקייט, די אומגעדולדיקייט, דער כעס האָבן געדארפט אראפ פון דער סצענע צוזאמען מיטן פארצייטיקן מלמד. אין די פרייע שולן דארף אלץ זיין פרידן, פריידיקייט און ברידערלעכקייט.

מיר גלויבן, אז דערדאזיקער אנזאָג וועט קלעקן אויף צו פאריאָגן אויף ווייטער אזעלכע פירונגען. זיי פאסן נישט פאר מענטשן, וואָס זייער איינ־ציקער אידעאל דארף זיין אויסצובילדן אזא דור, וועלכער זאָל זיין ביכולת אוועקצושטעלן א באמת ברידערלעכע, סאלידארישע און גע־רעכטע געזעלשאפט.



XI

## וועלטלעכקייט און ביבליאָטעק

היות אונדזער אויפגאבע איז געווען אוועקצושטעלן א ראציאָנאַלע שול אויף צו געבן די קינדער א ווירדיקע צוגרייטונג צו זייער אריינטריט אין דער פרייער מענטשלעכער סאלידאריטעט, איז דאס ערשטע פּראבלעם, נאָכן פעסטשטעלן די פּראָגראַם, באשטאנען אין איינארדענען די ביב־ליאָטעק.

דער גאנצער בילדונגס־באגאזש פון דער אלטער פּעדאַגאָגיע איז געווען א מיש־מאַש פון וויסנשאפט און גלויבן, פארנינפטיקייט און אבסורד, גוטס און שלעכטס, מענטשלעכער עקספּעריענץ און געטלעכער אנטפּלעקונג, אמת און שקר, און צווישן דעם אלעמען איז אפילו נישט געווען קיין שום צו־זאמענהאַנג. באשיינפּערלעך, אז מען האָט עס לחלוטין נישט געקאנט צו־פּאסן צו דער נייער באדערפעניש, וואָס איז ארויפגעשוואומען פון אונדזער פּרואוו אוועקצושטעלן א נייע שול.

די שול איז מקדמונים געווען אן עבד כנעני נישט ביים אונטערריכט אין ברייטן באטייט פונם וואָרט, איבערצוגעבן דעם אויפגייענדיקן דור דעם סך־הכל וויסן פון די פריערדיקע דורות, נאָר ביי יענעם אונטערריכט, וואָס האָט אנטשפּראכן דער אויטאָריטעט און די אינטערעסן פון די הער־שנדיקע קלאסן. די אלטע שול האָט געהאט פאר איר אויפגאבע דאַס שאפן געהאָרכזאמע שקלאפן, און די גאנצע ליטעראטור אירע האָט געמוזט דינען איר ציל. מיר האָבן, בכן, גארנישט געקאנט אויסנוצן פון איר ירושה.

פונדעסטוועגן, האָט מיך די שטרענגע לאָגיק פון אָט דעם געדאנק נאָך

אלץ נישט געקאנט אזוי שנעל איבערצייגן. עס האָט זיך מיר נישט געלאזט גלויבן, אז די פראנצויזישע דעמאקראטיע, וואָס האָט אזוי אקטיוו געארבעט אויף אפצוטיילן די קירך פונם שטאט, וואָס האָט ארייננגעבראכט די קלע־ריקאלן אין אזא כעס און וואָס האָט איינגעפירט דעם וועלטלעכן און גע־צוואונגענעם אונטערריכט, אז אָט די פראנצויזישע דעמאקראטיע זאל אזוי אבסורד זינדיקן מיט דעם האלב־לימוד אדער מיט דעם סאָפיסטיצירטן לימוד. אנטקעגן דער באשיינפערלעכקייט אבער, האָב איך מיך געמוזט אונ־טערגעבן און לגמרי אויפהערן צו טראכטן וועגן דעם: איבערגעלייענט א גרוי־סע טייל פון די ווערק, וואָס פיגורירן אין קאטאלאג פון דער פראנצויזישער וועלטלעכקייט, האב איך ארויסגעזען, אז אין זיי ווערט גאָט פארביטן אויף שטאט, די קריסטלעכע טוגנט אויפן בירגערלעכן חוב, די רעליגיע אויפן פאטריאטיזם, די אונטערטעניקייט און געהאָרכזאמקייט צום קיניג, אריס־טאָקראט און קלער אויף דער אונטערוואָרפנקייט צום ביוראקראט, אייגנ־טימער און באלעבאָס. איך האָב מיך נאָך אלץ נישט בארואיקט און גע־מאכט אן אנפראגע ביי אן אנגעזעענעם פריידענקער, וואָס האָט פארנומען א הויכן אמט ביים פראנצויזישן בילדונגס־מיניסטעריום, און יענער האָט, נאכדעם ווי ער האָט זיך גרינטלעך באקאנט מיט מיין פארלאנג בנוגע אזעל־כע טעקסט־ביכער, וואס זאָלן זיין פריי פון קאָנווענציאָנעלן שקר, מיר אפנהארציק דערקלערט, אז ער ווייס אפילו נישט פון קיין איין בוך אזעלכן — אלע אנטהאלטן זיי, בעסער אדער ערגער פארשטעלט, דעם שקר, וואס איז דער נויטיקער יסוד פאר דער סאציאלער אומגלייכהייט. ווען איך האָב דעמזעלביקן דערנאָך געפרעגט, צי ער ווייס לפּחות וועגן א פאסיק בוך איבער דער אפשטאמונג פון דער רעליגיע, היות דער הימלישער אָפּגאָט איז געוועזן אין פולער אפיציעלער דעקאדענץ איבער דעם, וואס ער איז פארביטן געווארן אויפן אָפּגאָט אָליגארכישע הערשאפט, האָט ער מיר גע־ענטפערט, אז עס איז נישט פאראן קיין איין פעדאַגאָגיש בוך פאר דעם ציל. אנגעשטרענגט זיין זכרון, האָט ער מיר נאכדעם געזאגט, אז ער ווייס פון איינעם, וואָס וואָלט מיר געקאנט קומען צו נוץ, מ א ל ו ו ע ר ס „וויסנשאפט און רעליגיע”, און דאס האָט מיר פארשאפט די צופרידנהייט אים מיטצוטיילן, אז דאס בוך איז שוין איבערגעזעצט אין שפאניש און

דינט פאר א טעקסט־בוך אין דער מאָדערנער שול, אונטערן נאָמען אָפּשטאמונג פון קריסטנטום.

צווישן דער שפּאנישער פּעדאגאגישער ליטעראטור האב איך געפונען עטלעכע קליינע אפּהאנדלונגען פון א באקאנטן און באהאוונטן אין ווי־סנשאפטן שרייבער, וואָס האָט זיך גענומען צום שרייבן מער פאר די פארלעגערס געשעפטן, ווי פאר דער דערציאונג און בילדונג פון דער קינד־הייט. עטלעכע פון יענע ביכער זיינען לכתחילה באנוצט געווארן אין דער מאָדערנער שול, אבער, הגם מען האָט זיי נישט געקאנט בא־שולדיקן אין שקר, האבן זיי אבער געהאט דעם חסרון, וואָס זיי זיינען נישט געווען אינספּירירט אין דעם באפרייענדיקן פארנונפט־אידעאל און אין דעם געהעריקן מעטאָד. איך האב געפּרואווט דעם געגאנטן אויטאָר פארינ־טערעסירן פאר מיין אויפגאבע און באשטעלן ביי אים ארבעטן פאר דער נייער ביבליאטעק, אבער א פארלעגער האָט אים געהאלטן געבונדן מיט א קאנטראקט, און מיין פארלאנג האָט נישט געקאנט דערפילט ווערן.

בקיצור, די מאָדערנע שול איז דערעפנט געווארן איידער די געשאפענע ביבליאָטעק האָט געקאנט באווייזן צו פארעפנטלעכן דאס ערשטע ווערק. אינגיכן אבער איז עס דערשינען, און עס איז געווען א גלענצנדיקע שאפונג, וואס האָט געהאט א גוואלטיקע השפּעה אויף דער נאָר וואָס איינגעשטעלטער אינסטיטוציע. עס איז געווען זשאן גראווס נאָנאָס אוואנטיורן, א מין פּאָעם, אין וועלכער עס ווערט מיט חנודיקער תמימות און אמתדיקייט דורכגעפירט א פארגלייך צווישן א פאזים פון די צוקונפטיקע פראכטן מיט דער טרויעריקער ווירקלעכקייט פון דער איצטיקער געזעלשאפט, די זיסקייטן פונם לאנד אויטאָנאָ־מיע מיט די שרעקן פונם קעניגרייך ארגיראָקראטיע. גראווס זשעניע האָט דערהויבן זיין ווערק איבער די פארוואורפן פון די סקעפּטישע אנטיפּוטוריסטן, און האָט אין דערזועלביקער צייט פארגעשטעלט די געזעל־שאפטלעכע איבלען מיט פולן אמת און אָן א סימן פון גוזמא. דאס בוך פלעגט פארכישופן די קינדער, און זיין געדאנקען־טיפקייט פלעגט סוגע־רירן די לערער פילפאכע און צייטמעסיקע קאמענטארן. די קינדער פלעגן אין די הפסקות פארשטעלן די סצענעס פון אויטאָנאָמיע, און

די דערוואקסענע פלעגן, אין זייערע דאגות און יסורים, זען זייער זאך אפּ־געשפּיגלט אין דער קאנסטיטוציע פון יענער  א ר ג י ר אָ ק ר א ט י ע, אין וועלכער  מ אָ נ א ד י אָ  האָט געהערשט.

אין  ב אָ ל ע ט י ן  ד ע  ל א  ע ס ק ו ע ל א  מ אָ ד ע ר נ א און אין פארשידענע פּאָליטישע צייטשריפטן זיינען אנאנסירט געווארן קאנ־קורסן אויף ביכער פארן ראציאָנאלן אונטערריכט. אבער די שרייבער האבן זיך געהאלטן אָן א זייט. איך מיין דאָ בלויז צו פארצייכענען דעם פאקט, און איך פארמעסט מיך נישט אויף צו אורטיילן אים אָדער אויסצופארשן זיינע סיבות.

צוויי ביכער האָב איך תיכף דערנאָך ארויסגעגעבן אויף צו לייענען אין שול. זיי זיינען נישט געשריבן געווארן פאר די שולן, אבער דער  מ אָ ־ ד ע ר נ ע ר  האב איך געווידמעט די איבערזעצונג, אויך מיט גלענצנדיקן דערפאלג: איינס, ד אָ ס  ג ע ש ר י ב ע נ ע  ה ע פ ט, דאס צווייטע, פּ א ט ר י אָ ט י ז ם  א ו ן  ק אָ ל אָ נ י ז א צ י ע,ביידע זאמלונגען פון געדאנקען, גענומען ביי שרייבער פון אלע לענדער, איבער די אומגע־רעכטיקייטן פון פאטריאָטיזם, מלחמה־שרעקן און מיאוסקייטן פון דער דעראָבערונג. אז מיר האבן צוגעטראָפן מיטן אויסוואל פון די ווערק, באַ־וויזט דער געזונטער איינפלוס, וואס זיי האבן אויסגעאיבט אויף די קינ־דערשע אינטעלעקטן, ווי מען קאָן עס ארויסזען פון דער זאמלונג קינדער־שע געדאנקען, וועלכע איז פארעפנטלעכט געווארן אין  ב אָ ל ע ט י ן, און די פארביטערטע מסירות, מצד דער רעאקציאָנערער פרעסע און פארלא־מענטארישע ראקעס.

א סך האבן געמיינט, אז צווישן דעם וועלטלעכן און ראציאנאליסטישן אונטערריכט איז דער חילוק נישט קיין גרויסער, און אין א מענגע ארטיק־לען און פראפאגאנדע־רעדעס איז גערעדט געווארן וועגן דיביידע אונטער־ריכטן, ווי וועגן פולקאָם אנאלאָגישע. אום כדי אויפצוקלערן דעם טעות, האָב איך פארעפנטלעכט אין  ב אָ ל ע ט י ן  דאָס פאָלגנדיקע ארטיקל:

# דער וועלטלעכער אונטערריכט

דעם באַגריף א ו נ ט ע ר ר י כ ט וואָלט נישט געדאַרפט באַגלייטן קיין שום קאַליפיקאַטיוו. דער באַגריף אַנטשפּרעכט בלויז די נויט און דעם חוב, וואָס דער אין פאָלער שפע פון זיינע כוחות לעבנדיקער דור פילט צוצוגרייטן דעם אויפגייענדיקן דור דורך איבערגעבן אים דעם פאַרמעג אין מענטשלעכן וויסן.

דאָסדאָזיקע פאָלקאָם ראַציאָנאַלע וועט ברייט דורכגעפירט ווערן אין שפּעטערדיקע עפּאָכן, וועלכע וועלן געניסן דאָס גליק פּטור צו ווערן פון אַבערגלויבנס און פּריווילעגיעס.

היות מיר געפינען זיך ערשט אויפן וועג צו אָט דעם אידעאַל, זעען מיר זיך פּנים אל פּנים מיטן רעליגיעזן אונטעררריכט און מיטן פּאָליטישן אונטעררריכט, און אנטקעגן אָט דידאָזיקע דאַרפן מיר אוועקשטעלן דעם ראַציאָנאַלן און וויסנשאַפטלעכן לימוד.

פאַר א טיפּ פונם רעליגיעזן אונטעררריכט עקזיסטירט דער, וואָס ווערט געגעבן אין די מאָנאַכישע קאָנגרעגאַציעס פון אַלע לענדער. דערדאָזיקער באַשטייט פון דעם מעגלעכסט קלענסטן סכום נוציקע ידיעות און איז איבערגעלאָדן מיט קריסטלעכער דאָקטרין און הייליקער געשיכטע.

דעם מוסטער פון פּאָליטישן אונטעררריכט געפינט איר אין פראַנקרייך, ווי ער איז אוועקגעשטעלט געוואָרן קורץ נאָכן פאַל פון דער אימפּעריע. אָט דער לימוד צילט צו עקזאַלטירן דעם פּאַטריאָטיזם און פאַרצושטעלן די איצטיקע עפנטלעכע פאַרוואַלטונג פאַרן בעסטן אינסטרומענט פון גוטער רעגירונג.

אונטער באַשטימטע אומשטענדן ווערן די קאַליפאַקיטיוון פ ר יי אָדער וו ע ל ט ל ע ך אַנגעווענדט בנוגע דעם אונטעררריכט אויף א מיסברויכנדיקן און ליידנשאַפטלעכן אופן, מיטן ציל צו פאַרבלענדן די עפנטלעכע מיינונג: אַזוי, למשל, רופן די מאַנאַכן פ ר י י ע ש ו ל ן די, וואָס זיי קאָנען זיך גרינדן להיפוך צו דער באמת פרייער טענדענץ פונם מאָדערנעם אונטעררריכט, און עס רופן זיך ו ו ע ל ט ל ע כ ע א

סך שולן, וואס זיינען נישט מער, ווי פּאָליטישע אדער דורכוים פּאַטריאָ־טישע און אנטיהומאניטערע.

דער ראַציאָנעלער אונטעררייכט שטעלט זיך אויף א ווירדיקער הויך איבער אזעלכע קליינלעכע אויפגאבן.

קודם כל, טאר ער נישט זיין ענלעך אויפן רעליגיעזן אונטערריכט, ווארום די וויסנשאפט האָט דערוויזן, אז די בריאת־העולם איז א לעגענדע, און אז די געטער זיינען מיטן, און עס ווערט בכן אויסגענוצט צום שלעכטן דעם פּאַטערס אומוויסן און דעם קינדס גלויביקייט אויף צו פאַרייביקן דעם גלויבן אין אן איבערנאַטירלעכן וועזן, וועלכער זאָל האָבן באשאפן די וועלט, און צו וועמען מען קאן קומען מיט תפילות און מיט תחנונים אויף צו פּועלן אלע סארטן טובות.

דאָסדאָזיקע, צום אומגליק נאָך אזוי אלגעמיינע, אפּנארעריי, פאַרור־זאַכט א סך צרות, וואס זייער ווירקונג וועט זיך נאָך פאַרציען, פאַרהעלט־נישמעסיק מיט דער עקזיסטענץ פון דער סיבה.

די מיסיע פונם אונטעררייכט באשטייט אין אויפווייזן די קינדער, מיט ריין וויסנשאפטלעכע מעטאָדן, אז וואס מער מען וועט קאָנען די נאַטור־פּראָדוקטן, זייערע אייגנשאפטן און אופנים אויסצונוצן זיי, אלץ גרעסער וועט זיין די שפע אויף נוציקע, לוינענדיקע און לעבנס־נויטיקע פּראָדוקטן: עסנווארג, אינדוסטריעלע שטאָפן, וויסנשאפטלעכע און קינסט־לערישע אויסארבעטונגען, און אלץ לייכטער און אין גרעסערע צאָלן וועלן פון אונדזערע שולן ארויסגיין אזעלכע מענער און פרויען, וואס וועלן נע־נויגט זיין צו קולטיווירן אלע צווייגן פון וויסן און אַקטיוויטעט, וואס זייער פירער וועט זיין דער שכל און זייערע באגייסטערער די וויסנשאפט און קונסט, און זיי וועלן פאַרשענערן דאס לעבן און רעכטפאַרטיקן די גע־זעלשאפט.

לאָמיר, בכן, נישט פאַרלירן קיין צייט אויף צו בעטן ביי א מכלומרשטן גאָט דאָס, וואָס בלויז די מענטשלעכע ארבעט קאָן אונדז פאַרשאפן.

אונדזער לימוד טאר אויך נישט זיין ענלעך אויפן פּאָליטישן, ווארום

אנשטאט אויסצובילדן מענטשן אין פולן באַזיץ פון זייערע כוחות און פעאיקייטן, מאכט דער פּאָליטישער אונטערריכט די מענטשן אפּהענגיק פון אנדערע מענטשן. פונקט, ווי די רעליגיעס האבן, דערהויבנדיק א געט־לעכע מאכט, באַשאַפן א פּאָזיטיווע מיסברויכנדיקע מאכט און האבן גע־שטערט די מענטשלעכע עמאנציפּאציע, — אזוי פארהאלטן זיך אויך די פּאָליטישע סיסטעמען, ווארום זיי געוואוינען צו די מענטשן צו דערוואַרטן אַלץ פון פרעמדע ווילנס, מצד ענערגיעס פון א מכלומרשט העכערער מדרגה, מצד די, וואס צוליב טראַדיציע אדער פרנסה, גיבן זיי זיך אָפּ מיט דער רעגירעריִשער פּראַפעסיע.

אויפוויַיזן די קינדער, אז, כל זמן איין מענטש וועט זיין אָפּהענגיק פון א צווייטן מענטשן, וועלן באַגאַנגען ווערן עוולות און עס וועלן עקזיס־טירן דעספּאָטיזם און שקלאַפעריי, לערנען די סיבות, וואס האלטן אויף דעם אומוויסן פון פאלק, קאנען די אפּשטאַמונג פון אַלע רוטינערע מנהגים, וועלכע גיבן לעבן דעם איצטיקן אומסאָלידאַרישן רעזשים, מאכן, אז די קינדער זאלן נאָכדענקען וועגן אַלץ, וואס זיי וועט אויסקומען צו זען, — אָט דאס דאַרף זיין די פּראָגראַם פון די ראַציאָנאַליסטישע שולן.

ל אָ מ י ר, ב כ ן, נ י ש ט פ א ר ל י ר ן ק י י ן צ י י ט א ו י ף צ ו ב ע ט ן ב י י אַ נ ד ע ר ע ד אָ ס, װ אָ ס מ י ר ג ו פ א ז י י נ ע ן מ ח ו י ב א ו ן ק אָ נ ע ן ב א ק ו מ ע ן.

אין סך הכל: מיר דאַרפן איינפלאַנצן אין די קינדערישע מוחות דעם געדאַנק, אז, בעת זיי וועלן ווערן עלטער, וועלן זיי דעסטאָ מער וואוילזיין קאָנען ארויסקריגן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, וויפיל מער זיי גופא וועלן זיך אָנשטרענגען אויף צו פארשאַפן זיך עס; און, אז דעסטאָ נענטער וועט זיין דער טאג פון אַלגעמיינעם גליק, וואָס שנעלער זיי וועלן זיך באפרייען פון אַלע רעליגיעזע און נאָך ענלעכע אבערגלויבנס, וועלכע זיינען ביז איצט געווען די סיבה פון אונדזער מאראַליש און מאַטעריעל שלעכטן מצב.

דעריבער שאַפן מיר אין אונדזערע שולן אָפּ אַלע פרעמיעס־פארטיי־לונגען, אַלע מתנות, נדבות, מעדאַלן, דרייעקן און לענטעס, די אַלע רעלי־גיעזע און פּאַטריאָטישע נאָכאַמונגען, וואס זיינען עלול בלויז אויפצוהאלטן דעם גלויבן אין קמיעות און נישט אין דער אינדיווידועלער און קאָלעקטי־

ווער אנשטרענגונג מצד באוואוסטזיניקע אויף זייער ווערט און וויסן מענטשן.

דער ראַציאָנאַלער און וויסנשאַפטלעכער לימוד מוז איבערצייגן די צוקונפטיקע מענער און פרויען, אַז זיי דאַרפן גאָרנישט דערוואַרטן פון קיין שום פּריווילעגירטן, מכלומרשטן אָדער רעאַלן, וועזן; און אַז זיי דאַרפן אַלדאָס ראַציאָנאַלע דערוואַרטן פון זיך גופא און פון דער פריי אָרגאַנירטער און פריי אָנגענומענער סאָלידאַריטעט.

אויף צו פארגרעסערן די ווירקונג פון אונדזער ביבליאָטעק, האב איך פאַרעפנטלעכט אין באָלעטין און אין דער ארטיקער פּרעסע די פאָלגנדיקע מודעות:

## צו דער אינטעליגענץ

די מאָדערנע שול רופט פון גאנצן הארצן אלע שרייבער, וואָס ליבן די וויסנשאַפט און אינטערעסירן זיך מיט דער צוקונפט פון דער מענטשהייט, פארצושלאגן טעקסט־ביכער, וועלכע זאָלן זיין געשריבן מיט דער כונה צו עמאַנציפירן דעם גייסט פון אלע אונדזערע עלטערנס טעותים און פירן די יוגנט צו אמת און גערעכטיקייט, באפרייענדיק די וועלט פון אויטאָריטערע דאָגמעס, שענדלעכע סאפיזמען און לעכערלעכע קאָנווענציאנאליזמען, אזעלכע ווי די, וואס בילדן צום אומגליק דעם מעכאניזם פון דער איצטיקער געזעלשאַפט.

## אַריפמעטישער קאָנקורס

נעמענדיק אין אכט, אז דער ביז איצטיקער אופן פארשטיין דעם אַריפמעטישן לימוד, איז איינער פון די שטאַרקסטע מיטלען איינצופלאַנצן

אין די קינדער די פאלשע אידייען פונם קאפיטאליסטישן סיסטעם, וואס ווענט מיט אזא משא אויף דער איצטיקער געזעלשאפט; אז דער איצטיקער אופן פון אריפמעטישן לימוד טרייבט די קינדער צוצוגעבן דעם געלט אזא ווערט, וואס עס דארף נישט האבן, עפנט די מ אָ ד ע ר נ ע ש ו ל א קאנקורס פאר דער באנייאונג פונם אריפמעטישן לימוד און לאדם איין אלע פריינט פונם ראציאנאלן און וויסנשאפטלעכן לימוד, וואס ווידמענען זיך ספעציעל דער מאטעמאטיק, אנטיילצונעמען מיט צוזאמענשטעלן א זאמלונג פון לייכטע, באמת פראקטישע, פראבלעמען, אין וועלכע עס זאל זיך נישט האנדלען פון קיין געלט, פארשפארונג אדער פארדינסט. די איבונגען דארפן זיך באוועגן ארום אגריקולטור און מאנופאקטור־פראדוקציע פארטיילונג פון רוי־שטאפן און פאבריצירטע ארטיקלען, קאמוניקאציע־מיטלען און סחורה־טראנספארט, מענטשלעכער ארבעט פארגליכן מיט מע־כאנישער, און מעלות פון די מאשינען, עפנטלעכע ארבעטן א. א. וו. א. א. וו. מיט איין ווארט, די מ אָ ד ע ר נ ע ש ו ל ווייל אזא צוזאמענשטעל פון פראבלעמען, וואס זאל אוועקשטעלן די אריפמעטיק, ווי זי דארף עס באמת זיין: — די וויסנשאפט פון דער געזעלשאפטלעכער עקאנאמיע, נעמענדיק דאס ווארט ע ק אָ נ אָ מ י ע אינם עטימאלאגישן באטייט, ג ו ט ע פ אַ נ אַ נ ד ע ר ט יי ל ו נ ג. די איבונגען זאלן זיך אנטוויקלען איבער די פונדאמענטאלע פיר אפעראציעס (גאנצע צאלן, דעצימאלע און ברוכ־צאלן), דעם מעטרישן סיסטעם, פראפארציעס, מישונגען און אלעאציעס, קוואדראטן און קובן פון צאלן און עקסטראקציע פון קוואדראטן און קובן.

היות מיר מיינען, אז די, וואס וועלן זיך אפרופן אויף אונדזער איינ־לאדונג, דארפן זיך מער באגייסטערן פונם אלטרואיסטישן סענטימענט ריכטיק צו בילדן און דערציען די קינדער, ווי פון דער אידייע פון אינדי־ווידועלער טובה, און היות מיר ווילן אפטרעטן פון דער פאר די פאלן אלגעמיין אנגענומענער רוטין, וועלן מיר קיין קוואליפיצירנדיקן זשורי נישט באשטימען און קיין פרעמיעס נישט צוזאגן. די מ אָ ד ע ר נ ע ש ו ל וועט ארויסגעבן יענע א ר י פ מ ע ט י ק, וועלכע וועט מער אנט־שפרעכן איר ציל, און וועט זיך פריינדלעך פארשטענדיקן מיטן אויטאר וועגן דער באלוינונג.

# צו די לערער

אלע, וואס ווידמענען זיך דעם אונטערריכט מיט דער נאָבעלער כונה צו דערציען ראַציאָנאַל די נייע דורות און איינגעוואוינען זיי צו דערפילן זייערע פליכטן, כדי זיי צו סטימולירן, נישט מוחל צו זיין אויפן געגנוס פון זייערע רעכטן, בעטן מיר אַכט צו לייגן אויף די מודעות, וואס געפינען זיך אויף די טאוולען פון ק. זשאקינעס **קיצור פון אלוועלט־לעכער געשיכטע** און זש. גראווס **נאָנאָס אוואנ־טיורן**.

די ווערק, וועלכע די **מאָדערנע שול** גיט ארוים און האָט בדעה ווייטער ארויסצוגעבן, ווילן דינען די פרייע אנשטאלטן פאר ראציאָנאליסטישן לימוד, קרייזן פאר סאציאלן שטודיום, פאמיליען־פאַטערס און אלע שונאים פון דער אינטעלעקטועלער באגרענעצטקייט, וואס די דאָגמע אין אלע אירע אויסדרוקן (רעליגיעזן, פאָליטישן און סאציאלן) צווינגט ארויף, כדי עס זאל זיך ציען די ממשלה פון דער פריווילעגיע אויפן חשבון פון דער עם־הארצות פון די פארוואָרלאָזטע.

אלע שונאים פון יעזואיטיזם, קאנווענציאָנעלע ליגנס און פון די דורך דער טראדיציע און רוטין אויפגעהאלטענע שקרים וועלן געפינען אין אונדזערע אויסגאבן דעם דורך דער באשיינפערלעכקייט סאנקציאָנירטן אמת.

היות מיר שטעלן אונדזערע אויפגאבן נישט אוועק אויף קיין רוחים, וועלן מיר ביים פארקויף זוכן צו דעקן קוים דעם קאָסט־פרייז, און אויב עס וועט מיט דער צייט דאָך איבערבלייבן א פארדינסט, וועט עס גיין לטובת די ווייטערדיקע אויסגאבן.

אין נעקסטן נומער פון צווייטן יאָרגאנג **באָלעטין** האב איך פארעפנטלעכט דאס פאלגנדיקע ארטיקל און **רעקליום** ענטפער אויף מיינער אָן אָנפראגע. דעמדאָזיקן דרוק איך דאָ איבער צוליב דער הויך, מיט וועלכער ער באהאנדלט א זייער אינטערעסאנטן ענין, וואס האט אן אינטימע שייכות מיט מיין באגריף וועגן ראציאָנאליסטישן לימוד:

# דער געאָגראַפּישער לימוד

אין פאַרגלייך מיט דער מיטלאַלטערלעכער סכאָלאַסטיק, קאָן די גאַנצע געשיכטע פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט רעזומירט ווערן אין איין וואָרט: „צוריקקער צו דער נאַטור". כדי צו לערנען, לאָמיר פריער זוכן צו פאַרשטיין. אנשטאָט צו רעזאָנירן וועגן אומבאַגרייפלעכע זאַכן, לאָמיר אנהויבן פון זען, באַאָבאַכטן און שטודירן דאָס, וואָס מיר האָבן פאַר אונדזערע אויגן, וואָס מיר קאָנען משיג זיין מיט אונדזערע חושים און קאָנען עקספּערימענטירן.

איבערהויפּט אין געאָגראַפיע, דאָס הייסט, פּונקט ביים שטודירן די נאַטור פון דער ערד, ליגט אָנצואווענדן דאָס אויג, דאָס דירעקטע באַאָבאַכטן דידאַזיקע ערד, וועלכע האָט אונדז געבוירן און גיט אונדז דאָס ברויט, וואָס שפּייזט אונדז. אָבער דער לימוד פון געאָגראַפיע, ווי ער ווערט נאָך געגעבן אין אונדזערע שולן, טראָגט דעם שטעמפּל פון די סכאָלאַסטישע צייטן: דער לערער פאָדערט פון שילער אַן אני־מאמין, דערצו אַן אויסגעדריקטן אין אַ פאָרם, וואָס דער תלמיד פאַרשטייט נישט. ער רעציטירט געלויפיק די נעמען פון די „פינף פראַנצויזישע טייכן, דריי קאַפּן, צוויי ים־אויסגוסן און איין ים־דורכגאַנג", און דערביי באַציט ער זיך נישט מיט די נעמען אויף קיין שום געגויער ווירקלעכקייט. ווי אַזוי קאָן ער עס דען טאָן, אַז דער לערער שטעלט אים קיינמאָל נישט פאָר קיין איינע פון די באַהאַנדלטע זאַכן, און וואָס געפינען זיך, אַגב, אויף דערזעלביקער גאַס, אויף דער טיר פון שול, אין די ריטשקעלעך און לוזשעס, וואָס בילדן זיך פון רעגן?

לאָמיר זיך, בכן, צוריקקערן צו דער נאַטור!

אויב איך וואָלט געהאַט דאָס גליק צו זיין אַ געאָגראַפיע־לערער פאַר קינדער, און דערביי נישט איינגעשלאָסן אין קיין אָפיציעלן אָדער פּריוואַטן אנשטאַלט, וואָלט איך מיך שטאַרק אָפּגעהיט פון אָנהויבן מיט וועקליייגן פאַר מיינע חברימלעך ביכער און מאַפּעס. איך וואָלט אפשר אפילו נישט אַרויסגערעדט פאַר זיי דאָס גריכישע וואָרט „געאָגראַפיע", איך וואָלט זיי אָבער יאָ איינגעלאַדן צו מאַכן לאַנגע שפּאַצירן, אַ גליקלעכער צו לערנען אין זייער באַגלייטונג.

אויב איך וואלט געווען א לערער, אָבער א לערער אָן א טיטול, וואלט איך מיך געהיט פון מעטאָדן ביי דידאַקטישע שפּאַצירן און אין די שמועסן, וואס וואלטן ארויסגערופן געוואָרן פון די געזעענע אביעקטן און פּייזאזשן. באַשיינפּערלעך, אז דער ערשטער לימוד מוז זיך באוועגן אין שייכות מיט דעם געגנט, וואו מען וואוינט: אונדזערע שמועסן וואלטן נישט געהאַט דעמזעלביקן אויסזען אין א נידעריק לאנד, ווי אין א באַרגיקן, אין גראַני־טישע געגנטן, ווי אין קאַלכיקע, אין א ים־ברעג אדער ביי א טייך, ווי אין א טרוקענעם ראיאָן; אין בעלגיע וואלט איך נישט גערעדט דאס אייגענע, וואָס אין די פּירינייען אדער אלפּן. אונדזער לשון וואָלט אין קיין אָרט נישט געווען דורכוים אידענטיש, ווארום אומעטום קאן מען אָנווייזן אויף באַזונדערע און אינדיווידועלע שטריכן, אומעטום קאָן מען מאכן ווערטפולע באַאָבאַכטונגען, וועלכע וואלטן אונדז געדינט פאר פארגלייכונגען מיט אנ־דערע פּלעצער.

ווי מאָנאָטאָן און אָרעם אונדזער וואוינונגס־אָרט זאָל נישט זיין, קאָן נישט אויספעלן די מעגלעכקייט צו זען, אויב נישט קיין בערג אדער הע־כערע פּלעצער, איז, לפּחות, עטלעכע פעלזן, וואָס רייסן אויף דאָס קלייד פון נאָר וואס אפגעזעצטע ערדן. אומעטום וואלטן מיר געקאָנט אבסערווירן א געוויסע פארשידנאַרטיקייט פון ערדן, זאמדן, ליימען, בלאָטעס און טאָרפן, אפשר אויך זאמד און קאַלך שטיינער. מיר וואלטן געקאָנט נאָכ־גיין דעם ברעג פון א טייכל אדער טייך, זען א שטראָם, וואָס פארלירט זיך, א זיך פאנאנדערוויקלענדיקן קעסל־גרוב, א וואַסער־אָפּפלוס, זאמד־קנייטשן, די אנטוויקלונג פון עראָזיעס, וואס נעמען אָפּ ערד ביי א טייך־ברעג, אדער אלואוויאָנען, וואס זעצן זיך אָפּ אין די נידעריקע פּלעצער. וואלט אונדזער געגנט געווען אזוי ווייניק באשענקט פון דער נאַטור, אז זי זאָל אפילו נישט פארמאָגן קיין נאָנטן טייכל, וואלט על כל פּנים אמאָל א שלאַקס־רעגן איבערגעלאָזט צייטווייליקע טייכלעך, מיט זייערע טייך־געלע־גערס, וואַסער־פאַלן, שנעל־פלוסן, שליוזן, קעסל־גריבער, איינגוסן; אין סך־הכל, די אומענדלעכע פארשידנאַרטיקייט פון הידראַלאָגישע דערשיינונגען.

נו, און אויפן הימל? אויף אים וואלטן מיר געקאָנט לערנען די אומענד־לעכע סעריע באוועגונגען פון דער ערד און שטערן: דער פרימאָרגן, דער

מיטנטאָג, דער בין־השמשות און די טונקלקייט, אין וועלכער עס ווייזן זיך ארויס די שטערן; די שנייען און וואָלקנס, וואס פארבייטן דעם בלויען הימל, און דעמאלט די גרויסע זעלטענע ספעקטאקלען, שטורם, בליץ, מאָרגן־שטערן און אפשר דאס צפון־ליכט. דידאזיקע אלע הימלישע באוועגונגען וועלן זיך אָנהויבן צו באשטימען אין אונדזער פארשטאנד דורך די ערשטע מאטעמאטישע וויסנשאפטן, היות אלע הימלישע קערפערס גייען אויף א פון פריער אָנגעצייכנטן וועג און מיר זעען זיי איינער נאָך דעם אנדערן דורכגיין דעם מערידיאן. דאס גיט אונדז די געלעגנהייט צו באשטימען די זייטן פונם האָריזאנט און צו דערקענען די פארשידענע זייטן פונם רוים.

צו דידאזיקע שפאצירן ארום אונדזער געוויינלעכן וואוינונגס־ארט וואלטן אומשטאנדן געקאנט צוגעבן גרויסע עסקורסיעס, אמתע רייזעס. מיר וואָלטן זיי אָנגעפירט מיט א מעטאָד, ווארום דאָ איז נישט די רייד וועגן צופעליקן ארומלויפן, ווי יענע אמעריקאנער, וואס מאכן „זייער שפאציר איבער דער אלטער וועלט", פון וועלכע זיי ווערן, געוויינלעך, נאָך ווייניקער קלוג איבער דעם אָנסדרדיקן אנהויפן אין זייערע מוחות פון ערטער און פערזאנען. אין זייערע זכרונות ווערן צונויפגעמישט די פאריזשער בעלער, די פּאָטסדאמער גווארדיע־איבערזיכט, די באזוכן ביים פויפּסט און ביים סולטאן, דאס ארויפשטייגן אויף די פיראמידן און די פארגעטערונג פון יעזוסעס קבר. אזעלכע נסיעות געהערן צו די טרויעריקסטע זאכן, וואָס מען קאן זיך פארשטעלן, ווארום זיי הרגענען אוועק די באוואונדערונגס־פאטענץ, וועלכע וואלט געדארפט ביים אינדיווידן וואקסן פאראלעל צו זיין וויסן. דער סוף איז, אז זיי צעשעדיקן אויף אזוי פיל, ביז זיי ברענגען צום פאראכטן איטלעכע שיינקייט. עס דערמאנט זיך מיר א שטוינענדיק געפיל, וואס ביי מיר האָט ארויסגערופן אמאל דאס הערן א פיינעם, זייער גע־בילדעטן, זייער פון אויבן אראפּ קוקנדיקן און פונקט אזוי פיל נארישן, ווי געלערנטן, יונגנמאַן, וואָס האָט זיך נאכלעסיק ארויסגעזאגט וועגן מאָנ־בלאַן: „אך, יע, איך דארף נאָך זען אָט די מאכערייקע!"

כדי אויסצומיידן אזעלכע העסלעכקייטן, מוז מען צוגיין צו די עקס־קורסיעס און רייזעס מיט אזא פּינקטלעך אפּגעהיטן מעטאָד, ווי צום געוויינ־לעכן לימוד. מען דארף אבער אויך אויסמיידן פעדאנטיזם ביים אָנפירן

די נסיעות, ווארום קודם־כל דארף דאס קינד געפינען אין זיי פריידיקייט: דער לימוד דארף קומען בלויז אין פסיכאָלאָגישן מאָמענט, פונקט אין דער רגע, ווען דאס אויג און די באשרייבונג גייען פול אריין אין מוח און איינצוקריצן זיך דאָרטן אויף תמיד. צוגעגרייט אויף אזאן אופן, האָט שוין דאָס קינד א סאך פראגרעסירט, הגם עס איז נישט נאָכגעגאנגען דאס, וואס מען רופט אָן א קורס: דער פארשטאנד איז אויפגעוואכט און באגערט צו וויסן.

*   *
*

פריער אדער שפעטער, תמיד צו פרי, קומט אָן די צייט, ווען די תפיסה שול פארשפארט דאס קינד צווישן אירע פיר ווענט. איך זאָג ת פ י ס ה, מחמת דער דערציאונגס אנשטאַלט איז עס כמעט שטענדיק, היות דאס ווארט ש ו ל האָט שוין לאנג פארלארן די גריכישע באַטייטונג פ א ר ו וי י ל ו נ ג אדער י ו ם ט ו ב. עס קומען ארויף די ביכער און צוזאמען מיט דידאַזיקע די ערשטע אפיציעלע לעקציע פון געאגראפיע, וואָס דער לערער גיט פאר זיינע שילער; עס איז צייט געווארן אונטערצוואווארפן זיך אונטער דער רוטין און אריינלייגן אין די קינדערשע הענט א דורך דעם ע פ נ ט ל ע כ ן ב י ל ד ו נ ג ס ־ ר א ט אָפּגעשטעמפלטן אטלאס. וואס שייך מיר, וועל איך מיך היטן נישט אָנ־צורירן קיין אטלאס: קודם כל וויל איך זיין פולקום לאָגיש ביי מיינע דער־קלערונגען — נאָכדעם, ווי מען זאגט, אז די ערד איז קיילעכיק, אז זי איז א קויק, וואס דרייט זיך אין רוים, ווי די זון און די לבנה, דארף מען נישט פארשטעלן איר בילד אין דער פארם פון א פירקאנטיקן בלאט פאפיר מיט קאָלירטע פיגורן, וואס שטעלן פאָר א י י ר אָ פּ ע, א ז י ע, א פ ־ ר י ק ע, א ו י ס ט ר א ל י ע, די ביידע העלפטן פון דער נ י י ע ר ו ו ע ל ט!

ווי אזוי גייט מען ארויס פון דערדאזיקער אויגנשיינלעכער סתירה? —איך וועל מוזן נאָכאָמען די פארצייטיקע חרטומים און בעטן, אז מען זאל מיר גלויבן אויפן ווארט, אָדער איך וועל זיין געצוואונגען צו מאכן די קינדער פארשטיין, אז פון דער ספער איז געווארן א פלאניספער; דאס

הייסט, צו זען, אויב איך פארשטיי גוט די פארבינדונג פון אָט די צוויי ווערטער פ ל א כ ע ס פ ע ר ; אָבער די דערקלערונג וועט איבער־גוואלט מוזן צוהינקען, מחמת צו דעם וואלט מען געדארפט רופן צו הילף די הויכע מאטעמאטיק, וועלכע איז פאר קינדער נאָך נישט צוטריטלעך. דער לערער טאָר אין קלאס נישט שאַטן דער פולקומענער אינטעלעקטועלער חברשאפט, וועלכע דארף עקזיסטירן צווישן די שילער און אים, כדי צו פארשטיין די זאכן.

חוץ דעם, ווייס איך פון דער פראקטיק, אז דידאזיקע מאפעס, מיט אומגלייכע מאסשטאבן און אפבילדונגען, וואלטן געבראכט די שילער אזוי פיל שאדן, ווי זיי האבן מיר גופא פארשאפט, און ווי זיי האבן אן ספק פארורזאכט דעם לייענער; ווארום קיינער קאן נישט אפמעקן אינגאנצן די סתירהדיקע איינפלוסן, וואס ער האָט באקומען פון דידאזיקע פארשי־דענע מאפעס, היות נאָך די אפבילדונגען נאָך, וואס מיר האבן געזען, האבן די געאגראפישע פארמען אנגענומען א צעשוואומענעם אויסזען, און די פרא־פארצן צווישן די פארשידענע געגנטן שטעלן זיך אונדז נישט פאַר גענוג ריין, מחמת מיר האבן זיי אויפגענומען פון פארשידענע אטלאסן מיט פיל־פאכע שיבושים, אויפגעבלאָזענע אָדער איינגעדארטע, אויסגעצויגענע, פאר־לענגערטע, אָדער פארשניטענע אין פארשידענע ריכטונגען. אונדזער אינ־טעלעקטועלער אויפנעם־כוח ווערט דעריבער פארשטאפט — פון לכתחילה זיכער, אז מיר וועלן נישט דערגרייכן דאס גענויע בילד, באמיען מיר זיך אפילו נישט צו קריגן עס.

אום כדי אויסצומיידן אָט די גלייכגילטיקייט, וואס לאָזט נישט צו די אויפריכטיקייט און ברען ביים לערנען, איז, בכן, דורכויס נויטיק פעסטצושטעלן די פארמען און גרעסערע פונקטן אין דער געאָגראפיע דורך באַנוצן שול־גלאבוסן. אין שייכות מיט דעם דארף דער לערער נישט מאכן קיין שום פשרות, און ער טאר בשום אופן נישט באנוצן קיין מאפעס, אויב ער וויל נישט פארראטן די זאך גופא פון דעם אונטערריכט, וואס מען האָט אים פארטרויט.

וועלכער גלאָבוס איז דער בעסטער ווערליק פאר דער שול? — נאָך מיין מיינונג נאָך, א פשוטע קויק, וואס שטייט אויף א הילצערנעם אפאראט

לעם לערער, וועלכער נעמט זי אן, באוועגט זי און פארטרויט זי צו זיינע שילער. די שטריכן, וואס ער צייכנט אויף דער קויק, דארפן זיין פשוטע: צוויי פלאטשיקייטן שטעלן פאר די פאליוסן, א שווארצע ליניע איבער׳ן בויך באצייכענען דעם עקוואטאר; דערנאך, ווען עס קומט אן די צייט צו ריידן וועגן די פארשידענע צייטן פון יאר, דארף מען צונעבן דעם שטריך פון דער עקליפטישער ליניע פוןביידע זייטן עקוואטאר — קיין שום מע־רידיאנען אדער פאראלעלן דערווייל; דידאזיקע וועלן קומען דערנאך, עס קלעקט אנצואווייזן דעם פונקט, אין וועלכן די שול געפינט זיך, דער פונקט מעג אנטשפרעכן בריוסעל אדער וואסער נישט איז אנדער שטאט אויף דער ערד־פלאך; מען קאן נאך דערצו אנצייכענען פון פאליוס צו פאליוס איבער דעמזעלביקן פונקט דעם ערשטן מערידיאן. אזעלכער דארף זיין דער ערש־טער גלאבוס. די פאליטור אויף אים דארף זיין אזעלכע, אז מען זאל קאנען אויף אים צייכענען מיט קרייט און אפמעקן. דער לערער וועט אזוי לייכט קאנען אילוסטרירן זיינע לעקציעס און צייכענען זיינע טעארעטישע נסיעות אויף דער פלאנעטארישער קיילעכיקייט.

דערנאך וועלן די שילער באנוצן אנדערע גלאבוסן מיט א פעולה, אי־בערהויפט, אויב זיי נופא האבן איבערגעהאלטן די גלאבוסן און געצייכנט מיט דער איינענער האנט די קאנטינענטן, ימים און אלץ, וואס מען האט זיי באוויזן אין שול. אין דעם באשטייט דער ריכטיקער מעטאד: זען, שאפן איבעראניים, און נישט חזרן אויף אויסווייניק.

עס קאן קיין שום ספק נישט זיין: דורך זען דירעקט דעם גלאבוס, וואס איז א פראפארציאנעלע און גענויע רעפראדוקציע פון דער ע ר ד גופא, דארף דורכגעמאכט ווערן דעם קינדס ערשטע געאגראפישע דערצי־אונג; אבער דערדאזיקער לימוד וועט זיך שנעל אפשטעלן איבער דער קנאפקייט פונם אינסטרומענט. א גלאבוס אויף א פרעציק מיליאניקן מאס־שטאב, פון איין מעטער צירקונפערענץ איז אודאי א שווערע מאשין, וואס קינדער, איבערהויפט, קאנען נישט לייכט באנוצן. די שוועריקייט וואקסט אין א געאמעטרישער פראפארץ צו דער גרויס פונם גלאבוס, ווארום, אויב ער ווערט געבויט אויף 20 מיליאניקן מאסשטאב, מיט צוויי מעטער ציר־קונפערענץ, דארף מען אים אויפהענגען אויף דער סטעליע כדי צו קאנען אים

באוועגן מיט א פינגער, בהסכם מיט די באדערפעניש פונם לימוד. ענדלעך, ווערט א ספערישער אינסטרומענט פון גרעסערן פארנעם, אין דער געוויינ־לעכער פארם אויף אזוי פיל אומבאקוועם, אז מען ווייס נישט וואו אים צו האלטן. דער סוף איז, אז דער אינסטרומענט ווערט פארגעסן ערגעץ אין דעם שפייכלער פאר אומנוציקע שמאַטעס. אזא סוף האבן געהאט אַ ל ע ־ א ר י ו ס ע ס און ק אָ כ אַ נ ע ל ל י ס גרויסע גלאָבוסן, וועלכע וואלטן, איבעריקנס, היינט צוטאָג נישט געהאט קיין געאגראפישן ווערט.

אבער אויב אזעלכע גרויסע גלאָבוסן זיינען צו אומבאקוועם פאר די זאלן אין אונדזערע שולן און ביבליאָטעקן, טאָר מען זיי אָבער נישט דערפאר פארנאכלעסיקן אין דעם לימוד. אדרבא, עס לוינט זיי אוועקצושטעלן ווי באזונדערע מאנומענטן, מיט א ספעציעלער און אריגינעלער ארכיטעקטור, און זיי דארפן שאפן א נייע צווייג פון דער מאָדערנער קונסט, ווי מען הויבט עס שוין, דאכט זיך, אָן צו פארשטיין, הגם ביז איצט זיינען די רע־זולטאטן געווען גאנץ מיטלמעסיקע. די צוזאמענגעשטעלטע גרויסע גלאָבוסן, ספעציעל דער מיט א פערציק מעטערדיקער צירקונפערענץ (מאסשטאב אויף א מיליאָנט־חלק), וועלכע מען האָט געזען אויף דער פאריזשער אויס־שטעלונג פון 1889 י., האבן לחלוטין נישט געהאט קיין באדייטונג, ארויס־גייענדיק פון שטאנדפונקט פון דער גענויער געאגראפיע, און זיין איינציקע, דורכויס נישט קיין מינדערווערטיקע, מעלה איז געווען, וואס ער האָט בא־וויזן די פארוואונדעטע שפאצירער, ווי אומגעהויער גרויס עס זיינען די ימים לגבי אונדזערע קליינע פאָליטישע טעריטאריעס, און דעם רעלאטיוון ווערט אין שטח פון די פארשידענע געגנטן. די צוקונפט וועט אויף יעדער גרויסער שטאָט אימפאָנירן דאס אויפבויען גרויסע גלאָבוסן פון מיליאָנט־חלק, פינף־הונדערט־טויזנט־חלק, הונדערט־טויזנט־חלק פון דער ערד, או־ער אפשר נאָך גרעסערע, וואס זאלן רעפראדוצירן די אמתע פארם פון דער ערד שאלעכץ מיט איר גענויעם רעליעף. דעטאלירטע פראָיעקטן פון די־דאָזיקע צוקונפטיקע קאָנסטרוקציעס זיינען שוין דעם פובליקום פארגע־שטעלט געווארן, און מיר געפינען זיך אין אן עפּאָכע, אין וועלכער מען קאן עס מיט פולער זיכערקייט אָנהויבן דורכצופירן. די אסטראנאמען האבן זיך מקדים געווען פאר די מאָדערנע געאגראפן און האָבן שוין פארשטאנען די נוצן פון אויפבויען א לבנה־רעליעף פון גרויסן פארנעם.

אודאי וועלן אזעלכע וויסנשאפטלעכע מאנומענטן זיין דורכויס נויטיק אויף אונטערצוריכטן דעם דערוואקסענעם עולם; מיר ריידן אבער דאָ וועגן די לעקציעס, וועלכע האבן אין אויג די תלמידים פון אונדזערע שולן, וואו גלאָבוסן מיט אזא גרויסן דיאמעטער קאנען נישט אריינגיין. עס מאכט נישט אויס: אויב עס איז פאראן א שוועריקייט אויסצושטעלן דעם גלאָבוס — ווער לאזט אונדז דען נישט באנוצן זיך מיט פראגמענטן? אויב א גלאבוס איז צו גרויס, קאן מען אבער מאכן חלקים פון פארשידענער גרויס. אָט איז א סעגמענט אויף א 10 מיליאָניקן מאסשטאב! נאָך איינעם אויף א 5 מיליאָניקן! אפילו אויף א 100 טויזנטסטל, פ ע ר ס אָ נ ס שווייץ, וועלכע איז א טייל פון א גלאָבוס מיט א 400 מעטערדיקער צירקונפערענץ!

היות מען האָט שוין דערפונדן די אינדוסטריעלע מיטלען, קאָן מען אויך להבא מאכן דיסקן פון אלערליי מאסשטאבן אין דער פאסיקער פראָפאָרץ, און, מערקט עס גוט, עס האנדלט זיך נישט בלויז פון געאגראפיע, נאָר אויך פון אסטראנאמיע. איר, מרגלים פון דער אזוי גערופענער „הימלישער ספער", וועט פיל געווינען פון באנוצן חללדיקע גלאבולארע דיסקן, ווי מיר האבן געוואונען, באנוצנדיק די קאנוועקסע דיסקן. די חסרונות פון די פלאכע מאפעס זיינען דיזעלביקע פאר אייך, ווי פאר אונדז. איך קאָן, בכן, מיט פולן צוטרויען אויסשטעלן אויף אייער אנטייל אין דער שטילער רעוואלוציאָנערער באוועגונג, וואס מיר פרואוון מאכן אין די שולן און מאטאפאטעקן.

מיר ריידן וועגן פראגרעס, אָבער, אז מען זאל די זאך באטראכטן פון א געוויסן שטאנדפונקט, געפינען מיר זיך אין פעריאָד, אין וועלכן, אויב מיר גייען נישט אויף צוריק, מאכן מיר אָבער דורך אומאנגענעמע בייטענישן, און מיר מוזן נאָך דורכמאכן א לאנגן וועג אויף צו דערגרייכן אזא פעריאָד, וועלכער זאל אנטשפרעכן אין גרויסקייט די באבילאָנישע צייטן. די ווייטסטע זכרונות פון דער אנטיקער צייט שטעלן אונדז פאָר ב ב ל, יענע לאנד, וואו אין איטלעכער שטאָט האָט זיך ארויסגעצייכנט א „שטערן־טורעם". איבער די נידעריקע וואוינונגען פלעגט זיך שטענדיק דערהויבן דער אבסערוואטאריום; די פרעכטיקע לופט־גערטנער פון דער

לעגענדארישער ס ע מ י ר א מ י ס האבן פּאַטיזירט מיט זייער שפּע פון פלאַנצן און מיטן געזאנג פון זייערע פויגל דעם הויכן אויבערשטן טורעם, פון וועלכן די אסטראנאמען האבן אויסגעקוקט די הימלישע רוימען. קיין שטאָט איז נישט געווען פולקום, כל זמן זי האָט נישט באזעסן איינעם פון יענע וויסנשאפטס־טעמפּלען, וואס זיינען געהייליקט געווען דעם שטודיום פון דער ע ר ד און פונם ה י מ ל.

א זייער באקאנטע לעגענדע דערציילט, אז, פאריניקט אין איין פאָלק און ארבעטנדיק ביים אויפשטעלן איינעם פון יענע טעמפּלען פון וויסן, דעם באבילאָנישן טורעם, איז אויף די מענטשן פלוצלונג אָנגעפאַלן א קענגזייטיקע איגנאראנץ, און נישט פארשטייענדיק איינער דעם אנדערן, זיינען זיי אוועק איטלעכער זיין וועג און געבליבן פארוואנדלט אין אויסלענדער און שונאים. היינט ריידן מיר ווידער א געמיינזאמע שפּראך, דאס לשון פון וויסנשאפטלעכן שטודיום. קיין זאך שטערט אונדז נישט זיך צו פאריניקן אזוי נאָנט, ווי קיינמאל נישט פריער. עס איז שוין געקומען די צייט, ווען מיר קאָנען אָן מורא באנייען דעם אָנגעהויבענעם בנין. מען דארף האָפן, אז אין א נאָנטער צוקונפט וועט אינטעלעכע שטאָט בויען איר נייעם „שטערן־טורעם", וואוהין די בירגער וועלן קומען צו באאבאכטן באקוועם די הימלישע דערשיינונגען און זיך בילדן אין די וואונדער פון דעם געבורטס־פּלאַנעט, די ערד.

ע ל י ז ע ר ע ק ל י ו.

נאָכדעם, ווי איך האב איבערגעלייענט דאס פריקע ארטיקל, האב איך געשריבן צום ב ר י ו ס ע ל ע ר ג ע א ג ר א פ י ש ן א י נ ־ ס ט י ט ו ט, און געבעטן צו רעקאמענדירן מיר א טעקסט־בוך אויף צו לערנען געאגראפיע. אויף מיין בקשה האָט מיר געענטפערט דער בארימ־טער געאגראף ר ע ק ל י ו מיט פאלגנדיקן בריוו:

ה' פעררער גוארדיא:

ליבער פריינט: נאָך מיין מיינונג נאָך איז נישטאָ קיין טעקסט אויף צו לערנען געאגראפיע אין די אָנפאנגס־שולן. איך קאָן קיין איינעם נישט, וואס זאל נישט זיין פארסמט פונם רעליגיעזן אדער פאטריאָטישן גיפט,

אָדער, וואס עס איז נאָך ערגער, פון דער אדמיניסטראַטיווער רוטין.

פון דער אנדערער זייט, ווען די קינדער האבן דאס גליק, וואס זיי וועלן זיכער האבן אין דער מאָדערנער שול, צו געפינען זיך אונטער דער לייטונג פון אינטעליגענטע און זייער באַרוף ליבנדיקע לערער, געווינען זיי פון נישט האבן קיין ביכער. דער מינדלעכער סוגעסטיווער אונטערריכט, וואס ווערט געגעבן דורך דעם, וואס ווייס, צו די, וואס פארשטייען, איז דער בעסטער. נאָכדעם, ווי זיי נעמען אויף דעם זוימען, גיבן זיי דעם שניט דורך רעדאגירן נאָטיצן און קאָנסטרואירן מאפּעס. פונדעסטוועגן, איז דערלאָז־באַר, אז אפילו פאר די לערער זאל די געאגראפישע ליטעראטור באַרייכערט ווערן מיט א האנטבוך, וואס זאל נוצן פאר א וועג־ווייזער און ראט בייַם לימוד פון דערדאזיקער וויסנשאפט.

וואלט איר געוואלט, אז איך זאל מיך פאר דעם ווענדן צו נ..., וואָס ווייזט מיר אויס צו זיין דער ריכטיקער מענטש אויף אנצושרייבן א בוך פולשטענדיק בהסכם מיט דעם אָנגעוויזענעם קריטעריום?

עס גריסט אייך הארציק אייער פריינט

ע ל י ז ע ר ע ק ל י ו.

בריוסעל, דעם 26־סטן פעברואר, 1903 י.

אין 7־טן נומער ב אָ ל ע ט י ן, האב איך פארעפנטלעכט די פאלגנ־דיקע הקדמה צום צווייטן לייען־בוך, אונטערן נאָמען

## די אָפּשטאַמונג פון קריסטנטום

די אמאליקע פעדאגאגיע, ווערענס פאזיטיווער, הגם נישט ארויסגע־זאגטער, ציל איז געווען צו לערנען דעם פאלק, אז דאס וויסן איז אומנוציק, כדי ער זאל זיך צופאסן צו די מאטעריעלע דחקותן אין לעבן און חלומען וועגן הימלישן שכר פון אומפארגענגלעכן גליק אדער מורא האבן פארן אייביקן עונש, פלעגט אָנפילן די ביכער פאר ערשטן לייען־שטאַף מיט מעשהלעך, אנעקדאָטן, רייזע־באשרייבונגען, שטיקלעך קלאסישע ליטערא־טור א. א. וו.

מיט אַט דעם געמיש פון שײנינקן און נוציקן פלעגט גײן דער טעות.
עס פלעגט דורכגעפירט װערן אַ מיאוסע סאָציאַלע אױפגאַבע, װאָרום דאָס אײנציקע, װאָס פלעגט זיך אײנװאָרצלען אין שׂכל, איז געװען דער מיסטישער באַגריף, װאָס שטעלט אײן פאַרבינדונגען צװישן אַן איבערנאַטירלעכער מאַכט און די מענטשן דורך דער פאַרמיטלונג פון כּהנים, דער פונדאַמענטאַלער יסוד פאַר דער עקזיסטענץ פון פּריװילעגירטע און פּאַראַזיטישע אין דער געזעלשאַפט, דער שולדיקער אין אַלע עולות, װאָס די מענטשן טוען אָדער טראָגן איבער, נאָך זײער מצב נאָך.
צװישן אַ סך ביכער פון דערמאָנטן סאָרט, װאָס לײדן אַלע אױף דער־זעלביקער מכּה, װעל איך דערמאָנען אײנעם, װעלכער אַנטהאַלט אַן אַקאַדעמישן רעפּעראַט, אַ װאונדער פון שפּאַנישער עלאָקװענץ, װאָס צילט צו זינגען אַ שבח צו דער ביבל. צװישן אומאיבערטרעפלעכע שפּראַך־באַפּוצונגען, איז דער תּמצית פון דעמדאָזיקן פאַרטראַג אַ מאַרס באַרבאַרישער פּסק דין, װען ער האָט פאַרורטײלט צום פײער די אַלעקסאַנדריער ביבליאָטעק: „אין דעם הײליקן בוך געפינט זיך דער אײנציקער און אַבסאָלוטער אמת: אױב די דאָזיקע אַלע ביכער זײַנען אמתע, זײַנען זײ איבעריק; אױב נישט, זײַנען זײ װערט דאָס פאַרברענען.”
די מאָדערנע שול, װאָס שטרעבט אױסצובילדן פרײַע אינטעלעקטן, װעלכע זאָלן זײַן פאַראַנטװאָרטלעך און מסוגל אױסצולעבן זיך אין פולער אַנטװיקלונג פון אַלע מענטשלעכע פעאיקײטן — דער אױסשליסלעכער ציל פון לעבן,—האָט נײטװענדיקערװײַז געמוזט אָננעמען פאַרן קאָנקרעטן פאַל פון שאַפן איר צװײטן לײען־בוך אַ באַזונדערן צוזאַמענשטעל, בהסכּם מיט איר אונטערריכטס־מעטאָד. היות אונדזער ציל איז צו לערנען דערװאַקסענע אמתן, נישט פאַרשװײַגנדיק דעם פאַרגענומענעם קאַמף צװישן ליכט און פינצטערניש, האָבן מיר געפונען פאַר נױטיק פאַרצושטעלן אַ קריטישע אַרבעט, װעלכע זאָל מיט פּאָזיטיװע און אומבאַשטרײַטבאַרע ראַטן באַלײַכטן דעם תּלמידס שׂכל, אױב נישט אין זײַן קינדהײטס־פּעריאָד, איז דערנאָך, װען ער װעט שױן אַלס מאַן אַנטײלנעמען אין געזעלשאַפט־לעכן מעכאַניזם און זיך אָנשטױסן דאָרט אױף די טעותים, קאָנװענציאָנאַליזמען, צביעות און געמײנקײטן, װאָס באַהאַלטן זיך אונטערן מיסטישן מאַנטל.

דערדאַזיקער צוזאַמענשטעל ווערט באַרעכטיקט מיטן וויכטיקן אומ־שטאַנד, וואָס אונדזערע ביכער ווענדן זיך נישט אויסשליסלעך צו דער קינד־הייט, נאָר זיי דינען אויך פאַר די שולן פאַר דערוואַקסענע, וואָס ווערן אומעטום געשאַפן אויף דער איניציאַטיוו פון א מענגע אַרבעטער־פאַ־ריינען, פריידענקערישע קלובן, קאָאָפּעראַטיוועס, פאַרווײַלונגס־קרייזן, צענ־טערן פאַר סאָציאַלן שטודיום און פון אַלע פּראָגרעסיווע גרופּן, וואָס האָבן דעם פלאַמענדיקן באַגער צו באַקעמפן דעמדאָזיקן אַנאַלפאַבעטיזם, וועלכער האַלט אויף די טראַדיציע און איז, נאַטירלעך, קעגנעריש געשטימט צום פּראָגרעס.

צו דעם האַלטן מיר פאַר פולשטענדיק צוגעפּאַסט אַט דעמדאָזיקן אויסצוג, וואָס מיר האָבן אונטערן נאָמען „אָפּשטאַמונג פון קריסטנטום" צוזאַמענגעשטעלט פון מ א ל ו ו ע ר ס „וויסנשאַפט און רעליגיע", וואו די מיטן, דאָגמעס און צערעמאָניעס ווערן פאַרגעשטעלט אין זייער פּרימי־טיווער פשוטקייט, צייטנווייז ווי אַן עקזאָטערישער סימוואָל, וואָס באַהאַלט אַן אמת פאַרן מבין און א מעשהלע פאַרן אומוויסנדיקן, און אַמאָל אַז צוזאַמעגעוונג פון פריערדיקע גלויבנס, וועלכע די נאַרישע רוטין אימפּאָנירט און די אייגננוצלעכע שלויקייט האַלט אויף.

פעסט אין אונדזער איבערצייגונג, פאַרכאַפּט פון דער באַשיינפּערלעכ־קייט, אַז אונדזער אַרבעט איז ראַציאָנאַל און נוציק, גיבן מיר אים דעם פּובליקום. אונדזער וואונטש איז, ער זאָל ברענגען די גאַנצע פּרוכט, וואָס מיר האָפן פון אַט דעם בוך. אונדז בלייבט נאָך איבער צו באַמערקן, אַז עטלעכע מילוטים, וואָס מיר האָבן געפונען פאַר נויטיק צו מאַכן פאַר דער קינדהייט און וועלכע זיינען אָנגעמערקט מיט פּינטעלעך, קאָנען די דער־וואַקסענע געפינען אין דער פולשטענדיקער אויסגאַבע.

פ. פ ע ר ר ע ר ג ו א ר ד י א.



XII

# זונטיקדיקע קורסן

די מאָדערנע שול האָט זיך נישט באַשרענקט אויף דער פּעדאַגאָגישער טעטיקייט. הגם זי האָט אויף קיין רגע נישט פאַרגעסן איר גרונט־כאַראַקטער און הויפּט־ציל, האָט זיך די שול אויך אָפּגעגעבן מיט פאָלקס־בילדונג און אָרגאַניזירט אַ ריי עפנטלעכע זונטיק־קורסן, וועלכע פלעגן באַזוכט ווערן פון די שילער, פון זייערע פאַמיליעס און אַ גרויסער מענגע אַרבעטער, וואָס האָבן באַגערט צו לערנען.

די ערשטע קורסן האָט געפעלט מעטאָד און די נויטיקע קאָנטינואַי־טעט, מחמת מיר האָבן געמוזט אָנקומען צו לעקטאָרס, וואָס זאָלן זיין באַ־האַוונט אין געוויסע ענינים, און דידאַזיקע פלעגן געבן אַן איינאַונאַיינ־ציקע לעקציע, וועלכע פלעגט נישט האָבן קיין שייכות מיט קיין פריערדיקן און נישט מיט קיין שפּעטערדיקן קורס. אַן אַנדערש מאָל, ווען עס פלעגן אויספעלן לעקטאָרס, פלעגט מען געבן אינטערעסאַנטע פאַרלעזונגען, וואָס פלעגן אָן היזק פאַרבייטן די מינדלעכע לעקציעס.

דאָס פּובליקום פלעגט קומען באַשטענדיק, און די מודעות, וואָס מיר פלעגן פאַרעפנטלעכן אין דער אַרטיקער ליבעראַלער פּרעסע, פלעגן פולקום גענומען ווערן אין אַכט.

איינזעענדיק דידאָזיקע רעזולטאַטן און כדי אויסצונוצן די גוטע נויי־גונגען פונם עולם, האָב איך געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט די דאָקטוירים ד אָ ן אַ נ ד ר ע ס מ אַ ר ט י נ ע ס וו ע נ אַ ס און ד אָ ן אַ ד אָ ן ד ע ב ו ע ן, פּראָפעסאָרן פון דער באַרסעלאָנער אוניווערזי־טעט, אויף צו שאַפן ביי דער מ אָ ד ע ר נ ע ר ש ו ל אַ פאָלקס־אוניווערזיטעט, אין וועלכער יענע וויסנשאַפט, וואָס ווערט אין דעם שטאַטס־אַנשטאַלט געגעבן, אָדער בעסער געזאָגט, פאַרקויפט צו דער פּריווילעגיר־

טער יוגנט, זאל ווערן געגעבן בחנם דעם פאלק. דאס זאל זיין א מין השבה, ווארום איטלעכער מענטש האָט א רעכט צו וויסן, און די וויסנשאפט טאָר נישט בלייבן ביי איין קלאס, היות זי איז א פראדוקט פון די באאבאכטער, וויסנשאפטלער און ארבעטער פון אלע תקופות און פון אלע לענדער.

פון דעמאלט אָן זיינען די קורסן אין דער אמתן געווארן כסדרדיק און רעגולער, בהסכם מיט די ספּעציאליטעטן פון ביידע לעקטארס. דר. מארטינעס ווארגאס האָט געלערנט פיזיאָלאָגיע און היגיענע, און דר. אָראָן דע בוען, געאגראפיע און נאטור וויסנשאפט, א זונטיק איבער א זונטיק, ביז מען האָט אונדז אָנגעהויבן צו פארפאלגן. זייערע קורסן פלעגן דורש־טיק אויסגעהערט ווערן מצד די שילער פון דער מאָדערנער שול און די באשטענדיקע באזוכער, און דער אודיטאָריום פון קינדער און דער־וואקסענע איז געווען א פראכטפולער עולם. אין איינער פון די רעצענ־זיעס, וואס פלעגן זיך כסדר דרוקן אין דער בארסעלאָנער ליבעראלע־פרעסע, האָט זיך א זשורנאליסט אויסגעדריקט, אז די קורסן זעען אויס ווי „וויסנשאפטלעכע עבודה".

די אייביקע לאָמפּן־לעשער, וועלכע באזירן אויף דעם חושך פון דעם פאלקס אומוויסן דעם אויפהאלט פון זייערע פריווילעגיעס, האבן געהאט גרויסע יסורים, צוקוקנדיק יענעם בילדונגס־צענטער, וואָס האָט אזוי שטאַרק געשיינט, און מן הסתם זיינען זיי נישט ווייניק צופרידן געווען, ווען זיי האבן געזען, ווי די אויטאריטעט האָט זיך זיי געשטעלט צו דינסט און אָט דעם צענטער ברוטאל צעשטערט.

בעת איך ווידמע דיראָזיקע אָנדענקונג צו יענע גראנדיעזע מעשים, האב איך בדעה צו באנייען זיי אויף פעסטערע יסודות, וואס זאלן נישט קאָנען צעשטערט ווערן.

איך דערמאן מיט א געפיל פון פרייד יענע וועכנטלעכע שעה, וואס איז געווען געווידמעט דער חברלעכקייט לטובת דער קולטור.

דערעפנט די קורסן, דעם 15־טן דעצעמבער 1901 י., האָט דאָן ערנעסטאָ ווענדרעלל, וועלכער האָט פארגעשטעלט היפּאטיאן, ווי א מארטירער פאר די אלגעמיינע אידייען פון וויסנשאפט און שיינקייט, א קרבן פון יענעם בישאָף קירילס פאנאטיזם.

אין די נעקסטע זונטיקן זיינען געקומען פארשידענע לעקטארס, ווי געגאנט, ביז דעם 5־טן אקטאבער 1902 י., ווען די לעקציעס האבן זיך נארמאליזירט, און עס האבן זיך איינגעשטעלט צוויי וויסנשאפטלעכע קורסן.

יענעם טאג האט דער פראפעסאר וועגן קינדער־קראנקהייטן אין דעם בארסעלאנער מעדיצינישן פאקולטעט, דר. ראן אנדרעס מארטינעס ווארגאס, געגעבן זיין ערשטע לעקציע, רעפערירנדיק וועגן שול־היגיענע. ער האט ארויסגעשטעלט אין פשוטע ווערטער, צוגענגלעכע פארן קינדערשן פארשטאנד, די וויכטיקסטע היגיענישע באגריפן. דערנאך האט דר. דאן אדאן דע בוען, פראפעסאר פונם פאקולטעט פאר וויסנשאפטן, פארגעטראגן וועגן דער נוצלעכקייט פון דער נאטור־וויסנשאפט.

די פרעסע בכלל האט זיך ארויסגעוויזן סימפאטיש פאר דער מאָדערנער שול, אָבער ווען עס איז דערשינען די פראגראם פונם דריטן לערן־יאר, זיינען צוויי ארטיקע צייטונגען אראפ פון טאָן: דער נאַטיסיערא אוניווערסאל און די דיאַריאָ דע באַרסעלאָנאַ. אָט די צייטונג האָט געזאגט און יענע האָט איבערגעדרוקט דאס פאלגנדיקע, וואס עס איז כדאי צו דערמאָנען ווי א טיפּישן אופן, ווי אזוי די קאָנסערוואטיווע פרעסע באהאנדלט די פּראָגרעסיווע ענינים:

„מיר האבן געזען דעם פּראָספּעקט פון אן אונטערריכטס־אנשטאלט אין אונדזער שטאָט, אין וועלכן מען קומט אויס אָן „דאָגמעס און סיסטעמען", ווארום זיין אויפגאבע איז צו באפרייען די וועלט פון „אויטאָריטערע דאָגמעס, שענדלעכע סאפיזמען און לעכערלעכע קאנווענציאָנאליזמען". אונדז דאכט זיך, אז דאס אלץ מיינט צו זאגן, אז דאָס ערשטע, וואס מען וועט לערנען די שילער און שילערינס, ווארום די שול איז א געמישטע, איז צו לייקענען אין גאָט. אזוי וועלן זיך אויסבילדן גוטע קינדער, און איבערהויפּט מיידלעך, וואס וועלן זיין בארופן צו זיין גוטע פרויען און פאמיליען־מוטערס אויף זייער אופן..." אָנגייענדיק מיט דעם איראָנישן סטיל, ארגומענטירט די צייטונג, ווי איר איז בעסער געפעלן, און ענדיקט אָט מיט דער מסירה: „צווישן די מיטארבעטער אין יענער שול זיינען פאראן צוויי דאקטוירים, איינער א פּראָפעסאר פון נאטור־וויסנשאפט (דאָן אָדאָן דע בוען),

און דער צווייטער א פּראָפעסאר אין דעם מעדיצינישן פאקולטעט. דעמ־דאָזיקן רופן מיר נישט אָן ביים נאָמען, טאָמער האָט מען געמאכט א טעות, ווען מען האָט איינגעשלאָסן זיין נאָמען צווישן די, וואס העלפן מיט צו אזא מין ארבעט".

צום גליק, ווערט דער שאָדן, וואס די פּרעסע פארורזאכט, פאריכט דורך דער פּרעסע גופא, און אויף דעם קלעריקאלן אָנפאל האָט די צייטונג ע ל ד י ל ו א ו י א געענטפערט ברייט און ענערגיש:

## די קלעריקאלן זיינען אין כעס

די ב ר ו ס י, אלס אווטאָר, און די ע ל נ אָ ט י ס י ע ר אָ מיט איר שער, האבןביידע געמאכט דעם לעכערלעכסטן שלעכטן טריט מיטן פארעפנטלעכן אן ארטיקל קעגן א וועלטלעכער שול, וועלכע פונקציאָנירט אין בארסעלאָנא מיט בייפאל מצד אלע ליבעראלע בירגער, וועלכע זיינען א מערהייט אין דערדאָזיקער דעמאקראטישער שטאָט. מיר באציען זיך אויף דער מ אָ ד ע ר נ ע ר ש ו ל, וועלכע האָט, ביי דער געלעגנהייט, וואס זי דערעפנט דעם קומענדיקן קורס, איבערגעגעבן צירקולארן, וואס זיינען אלס ביילאגע פארטיילט געווארן פון אלע היגע צייטונגען, מסתמא מיטן אויסנאם פון דער ב ר ו ס י און איר אפּענדיקס ע ל נ אָ ט י ס י ע ר אָ, וועלכע האבן, אָן ספק, כדי צו פארשאפן א נחת־רוח זייער קליענטעלע, אפּ־געפייערט א שאָס אנטקעגן דעם וועלטלעכן אנשטאלט פון דער גאס ב א י ל ע ן.

מיר גייען נישט פארטיידיקן די מאָדערנע שול, ווארום אונדזערע לייענער דארפן נישט האבן אויף צו דערווייסן זיך, אז זי איז גוט, קיין שום רעקלאמעס, וועלכע זיינען, אגב, דער שול נישט נויטיק. די אנפאלן האבן נאָר באוויזן, אז די ב ר ו ס י איז, ביי איר גאנצער פרומקייט, נישט פריי פון שנאות און פארביטערטקייטן און קאָן אויך זאָגן א ליגן אויף אזא אָפענעם אופן, ווי זי טוט עס אין יענעם ארטיקל, וואס שטראָמט מיט פאלשקייטן פון אלע זייטן. זאגט די גרייז־גרויע צייטונג, אז אין דער גע־נאנטער שול לערנט מען נישט צו גלויבן אין גאָט, אפּצושפּאטן פון דער רעליגיע און איך ווייס וויפיל נאָך שרעקלעכע זאכן, וואס די פארעלטערטע צייטונג האָט א צעשראקענע געזען אין די ווערטער „אָן דאגמעס און אָן

סיסטעמען", מיט וועלכע דער דערמאנטער שול־אנשטאלט ווייזט ארויס זיין ארגאניזאציע, וועלכע איז פולקום אומאפהענגיק. ניין, פארעלטערטע צייטונג, ניין; איר זענט זייער פונם וועג און איר זינדיקט אנטקעגן דעם אמת, ווען איר זאגט, אז אין יענעם בילדונגס־אנשטאלט לייקנט מען אין גאט און מען פלאנצט איין דעמזעלביקן גלויבן אין די קינדער. איר האט דאס נישט געלייענט אין קיין שום זאץ פון דעם גענאנטן פראספעקט. וואס עס האט אפגעבריט דער ברוסי און איר געמאכט ארויסשיטן דעם גאנצן כעס און פאלשקייט, וואס פאסן גארנישט פאר קיין ריכטיקן קריסט, איז אט דער זאץ: „נישט קיין דאגמעס און סיסטעמען, פורעמס, וועלכע באשרענקען די וויטאליטעט צו דער ענגשאפט פון די פאדערונגען מצד א פארבייגייענדיקער געזעלשאפט, וועלכע שטרעבט צו בלייבן דעפיניטיוו; שלוסן, וועלכע זיינען דערוויזן געווארן דורך פאקטן, טעאריעס, וועלכע זיינען אנגענומען געווארן דורכן שכל, אמתן, וועלכע זיינען באשטעטיקט געווארן דורך דער באשיינפערלעכקייט, — אט וואס עס שטעלט צוזאמען אונדזער לימוד, וואס צילט, אז יעדער מוח זאל זיין דער באוועגער פון א ווילן, און אז די אמתן, וואס שיינען פון זיך גופא אין אבסטראקט, זאלן זיך איינבירגערן אין יעדן פארשטאנד, און, ווען זיי וועלן אנגעווענדט ווערן אין דער פראקטיק, זאלן זיי דינען לטובת דער מענטשהייט אן אומווירדיקע אויסנאמען און אן דערווידערדיקע אויסשליסלעכקייטן".

אט דאס האט געטראפן אין הארצן אריין דער דיאריא דע באר סעלאנא, וועלכע קאן נישט רעזיגנירן, אז דער וועלטלעכער אונטערריכט זאל אפמעקן דעם קלעריקאלן; אז די תפילות פון די קלויס־טערדיקע שולן זאלן פארוואנדלט ווערן אין געזאנגען צו דער פרייהייט און צו דער ריינער וויסנשאפט; אז דער עם־הארצותדיקער גלח און דער שלויער כלי־קודש, די גנבים פון דעות און טיראנען פון אונטערדריקטע מוחות, זאלן פארביטן ווערן אויפן אומאפהענגיקן לערער, וועלכער גייט פארביי דער רעליגיע אויף צו פארשפרייטן דורכוים וועלטלעכע ידיעות, וואס באזירן זיך אויף דער נאטור און אויף דער וויסנשאפט. די ברוסי ווייס מיט פולער זיכערקייט, אז אין די־דאזיקע וועלטלעכע שולן, וואס זייער פראגרעס דערשרעקט זיי שוין, לערנט מען גארנישט קעגן דער רעליגיע און קעגן דער דאגמע. מען אינטערעסירט זיך דארטן נישט וועגן אזעלכע פראגן, ווייל מען

גלויבט, אז די רעליגיעזע געפילן דארפן געבאָרן ווערן אָדער איינגעוואָרצלט ווערן אין די קינדער אין זייער היים. אין אזעלכע לערן־אנשטאַלטן הערשט די געזונטע איבערצייגונג, אז אין זיי דארף מען אויסבילדן דעם מענטשן מיט וויסנשאפט און מענטשלעכע ידיעות, בעת די פאמיליע און די געזעל־שאפט דערנאָך דארפן אויסבילדן דעם מענטשן מיט רעליגיעזע גלויבנס, אויב ער איז דערצו גענויגט. און זאל די פארעלטערטע צייטונג נישט קומען מיט קיין דערקלערונגען, אז פון אזאן אונטערריכט (פון אטעאיסטיש:) האָבן זיך אויסגעבילדעט די אנטיקלעריקאלן, ווארום אָט זיינען די וואָל־טערס, די וואָלנעים, די דארווינס, די וויקטאר הוגאס, די זאלאס, די קאמבס און די איבעריקע מחנה רומפולע מענטשן און אומאפהענגיקע גייס־טער, וועלכע זיינען אלע דערצויגן געווארן פון יעזואיטן, מאנאכן אדער גלחים, און ווען זיי האבן דערקענט דאס פאר גוטס פארמאסקירטע שלעכטס, אין וועלכער זיי זיינען דערצויגן געווארן, האבן זיי זיך אומגעקערט אנט־קעגן זיי און אומגעווארפן דעם קלעריקאלן בנין מיט דעם כוח פון זייער טאלאנט, מיט די כלי־זין פון זייער וויסן און מיט דער ענערגיע פון זייער ווילן. זאל בכן נישט קומען די ב ר ו ס י מיט ליארמען און אומבאגרינ־דעטע טענות, וואס קאָנען ווירקן אויף אומוויסנדיקע פאמיליעס אדער אויף שוואכע מוחות. זאל זי ריטערלעך אנערקענען, אז די קלעריקאלע דערציאונג פארלירט שוואונג פאראלעל, ווי אין דעם דערציאונגס־פעלד רייסט זיך אריין די ליבעראלע שול. לכל־הפחות זאל זי שווייגן און רעזיגנירן אנטקעגן דער ערלעכער פראפאגאנדע, וואס די ליבעראלע בירגער מאכן פאר דעם וועלטלעכן לימוד פנים־אל־פנים פון דער אנדערער, דער מאָנאַכישער, דער צוריקגעשטאַנענער און מיטלאלטערלעכער, וואס גייט להיפוך צו די איצ־טערדיקע פראגרעסיווע געזעלשאפטן און ידיעות. מעג אונדז די גרייז־גרויע ד י א ר י אַ גלויבן: אויב זי וועט פארזעצן איר נאַרישע ארבעט, וועט דער חלל, וואָס רינגלט זי שוין ארום זינט לאנג, זי איבערלאזן אליין און איזאָלירט, אפילו מצד די יעניקע, וועלכע גייען זי נאָך צוליב טראדיציע אבער גייען נישט אזוי ווייט מיט זייער וצדקתך און האלטן אויך נישט פאר ראטזאם צו באווייזן אזוי פיל אויער.

XIII

# פּאָזיטיווע רעזולטאַטן

אין דער התחלה פונם צווייטן שול־יאר האָב איך פארעפנטלעכט און געלאזט פארטיילן אָט די פּראגראם:

מיר באשטעטיקן אונדזער פריערדיקע פּראגראם: אויסגעפּרואווט מיט דערפאלג, די טעאָריע סאנקציאָנירט דורך דער פּראקטיק, בלייבט דער קריטעריום, וועלכער האָט לכתחילה געריכטעט אונדזער אויפגאבע און פירט אָן מיט לעבן פון דער מאָדערנער שול, פעסט און אומפאר־ענדערלעך.

די ווינטשאפט איז די אויסשליסלעכע לערערין אין לעבן: אינספּירירט אין דערדאָזיקער לעמא, שטרעבט די מאָדערנע שול צו געבן די איר פארטרויטע קינדער אייגענע מארכלעכע וויטאליטעט, כדי, ווען זיי וועלן זיך באפרייען פון איר ראציאנאלער אפּיטרופּסות, זאלן זיי פארבלייבן אין דער געזעלשאפטלעכער וועלט דם־שונאים פון אלע מינים פארורטיילן און זאלן זיך באמיען צו שאפן זייערע אייגענע דורכגעדענקטע איבערצייי־גונגען וועגן אלץ, איבער וואס זיי וועט אויסקומען צו דענקען.

חוץ דעם, היות מען קאן נישט געבן קיין פולע דערציאונג בלויז מיט דיסציפּלינירן דעם שכל, נאָר מען מוז אויך לייגן אכט אויפן געפיל און ווילן, וועלן מיר אין דעם שילערס דערציאונג שטארק אכטונג געבן, אז די אינטעלעקטועלע פארשטעלונגען, וואס ווערן סוגערירט דעם תלמיד, זאלן פארוואנדלט ווערן אין א געפילן־זאפט. ווארום אָט דער געפילן־זאפט, ביי א געוויסן גראד שטארקייט, פארכאפּט אומפעלערהאפטיק דאס גאנצע וועזן

און גיט צו קְלָאר און געשטאַלט דעם מענטשנס כאַראַקטער. און היות דאס פּראַקטישע לעבן, ד. ה. די מענטשלעכע אויפפירונג, דרייט זיך אימער און אייביק אין דעם קרייז פון דעם כאראקטער, וועט דער אויף אַזאַ אופן דערצויגענער יונגערמאן זיכער מאכן פון דער וויסנשאפט זיין איינציקע און וואוילטעטיקע לערערין פון זיין לעבן.

כדי צו פארפולשטענדיקן אונדזער קריטעריום, דארפן מיר באמערקן, אז מיר זיינען ענטוזיאסטישע אנהענגער פונם ג ע מ י ש ט ן לימוד, וואָס באשטייט אין דעם, אז די יינגלעך און מיידלעך זאלן קריגן אן איי־דענטישע דערציאונג. אויף דעם אופן וועלן זיך די ווייבלעכע מענטשהייט און די מענלעכע טיף דורכדרינגען, און די פרוי וועט אין פריוואטן און געזעלשאפטלעכן לעבן ווערן ד ע ם מ אַ נ ס ח ב ר ט ע אין דער מענטשלעכער ארבעט, וועמענס ציל איז צו פארבעסערן און ברענגען גליק דעם מין.

די גענאנטע ארבעט, וועלכע איז כמעט אויסשליסלעך אויסגעשטעלט אויפן מאן, איז ביז היינט נישט געווען פולשטענדיק און, דעריבער, נישט געבראכט די גנעהעריקע פעולה. אין דער צוקונפט וועט דידאַזיקע ארבעט מוזן פארטרויט ווערן דעם מאן און דער פרוי. צוליב דעם איז נויטיק, אז די פרוי זאל נישט בלייבן פארשלאסן אין שטוב, אז איר ווירקונגס־קרייז זאל זיך אויסברייטערן, ביז וואוהין עס דערגרייכט די געזעלשאפט. אבער כדי דעם מאנס חברטע זאל מיט איר מאראלישער השפעה ברענגען גוטע און אַנגעזעענע רעזולטאַטן, דארפן די ידיעות, וואס מען גיט איר, זיין, אין כמות און איכות, די זעלביקע, וואס דער מאן דערווערבט זיך.

די וויסנשאפט וועט, ארייַנדרינגענדיק אין דער פרויס מוח, באלייכטן און טרעפלעך ריכטן דעם רייכן געפילן־קוואל, וועלכער איז דער בולטער און כאראקטעריסטישער שטריך פון איר לעבן. אפגעשיידט פון איר נאטירלעכער פארווענדונג מיט אנטיפראגרעסיווע אויסזיכטן, וועט דערדאַזיקער עלע־מענט מוזן פארוואנדלט ווערן אין א גוטער בשורה פון פרידן און גליק אין דער צוקונפט פאר דער מאראלישער וועלט.

וויסנדיק ווי נויטיק עס איז, דער עיקר אין אונדזער לאנד, צו פאר־שפרייטן נאטורוויסנשאפטלעכע און היגיענישע ידיעות, ספעציעל וועגן

קינדער, האט זיך די מאָדערנע שול אונטערגענומען מיטצוהעלפן צו פאַרווירקלעכן אָט דעם ציל. אויף דערויף האָבן מיר די מיטהילף פון צוויי זייער מומחהדיקע פּראָפעסאָרן: דער ה' דע בוען, פּראָפעסאָר פון נאַטורוויסנשאַפטן, און ה' מאַרטינעס וואַרגאַס, פּראָפעסאָר פון קינדער־קראַנקהייטן, וועלכע וועלן אַמאָל איבער אַמאָל האַלטן פאַרטראָגן איבער זייערע באַטרעפנדיקע וויסנשאַפטלעכע מאַטעריעס, אין לאָקאַל פון דעמראַזיקן בילדונגס־אינשטאַלט.

אין באַלעטין פון 30־טן יוני 1903 האָב איך געקאָנט פאַרעפנטלעכן די פאָלגנדיקע דערקלערונג:

## נאָך אַ יאָר

מיר ציילן שוין צוויי יאָר לעבן, צוויי יאָר פון פּראָפּאַגירן אונדזערע אויפגאַבן, פון באַרעכטיקן זיי מיט אונדזער פּראַקטיק, פון קרעדיט און פּרעסטיזש צווישן אַלע מענטשן, וואָס האָבן אונדז נאָר באַשענקט מיט זייער מיטהילף.

שוין נישט בלויז אַ גאַראַנטיע פאַר דערפאָלג, נאָר אַ פּאָזיטיוון דערפאָלג שטעלט מיט זיך פאָר דער פאַקט, וואָס מיר קאָנען דאָס געזאָגטע אַרויסזאָגן מיט פולער זיכערקייט און פעסטקייט.

איינמאָל אַרויף אויף אָט דעם וועג, צונישט געמאַכט די שטערונגען, וואָס דער אינטערעס און דער פאָרורטייל האָבן אונדז אַנטקעגנגעשטעלט, דערמוטיקט מיטן געדאַנק, אַז דעם, וואָס האָט שוין דורכגעמאַכט דאָס שווערע, וועט נישט שווער זיין אָנצוהאַלטן דאָס לייכטערע, און אויסשטעלנדיק תמיד אויף אָט דער פּראָגרעסיווער אינטעלעקטועלער סאָלידאַריטעט, וואָס פאַרטרייבט מיט איר מעכטיקן ליכט דעם שוואַרצן חושך פונם אומוויסן, וועלן מיר פאַרזעצן אונדזער אַרבעט דעם קומענדיקן סעפּטעמבער, נאָכן אָפּרו פון די זומער־וואַקאַציעס.

עס פרייט אונדז אויסערגעוויינלעך, וואָס מיר קאָנען איבערחזרן דאָס, וואָס מיר האָבן ביי אַ גלייכער געלעגנהייט און אויף דעמזעלביקן אָרט געזאָגט פריִער.

די מאָדערנע שול און דער באַלעטין זיינען פול מיט לעבן, ווארום אויף א טיף געפילטער נויט האָט מען געענטפערט מיט א מיטל זי פולקום צופרידנצושטעלן. מיר האָבן אזוי פיל נישט געדארפט אויף צו באשטיין אויף אונדזער ארבעט, און, אָן הבטחות און פראגראמען, וועלן מיר אויך ווייטער אנגיין מיט אונדזער עובדא אזוי שטארק, ווי נאָר מעגלעך.

די רעדאקציע

אין דעמזעלביקן נומער איז אויך פארעפנטלעכט געווארן אָט די קלאַסיפיקאציע נאכן געשלעכט נאָך און צאָל פון די אנוועזנדיקע שילער אין דער מאָדערנער שול. פארן משך פון די ערשטע צוויי שול־יאָרן:

| חדשים | מיידלעך אין 1901-2 | מיידלעך אין 1902-3 | יינגלעך אין 1901-2 | יינגלעך אין 1902-3 | בס"ה 1ער יאָר | בס"ה 2ער יאָר |
|---|---|---|---|---|---|---|
| ביי דער דערעפנונג | 12 | — | 18 | — | 30 | — |
| סעפטעמבער | 16 | 23 | 23 | 40 | 39 | 63 |
| אָקטאָבער | 18 | 28 | 25 | 40 | 43 | 68 |
| נאָוועמבער | 21 | 31 | 29 | 40 | 50 | 71 |
| דעצעמבער | 22 | 31 | 30 | 40 | 52 | 71 |
| יאנואר | 22 | 31 | 32 | 44 | 54 | 75 |
| פעברואר | 23 | 31 | 32 | 48 | 55 | 79 |
| מערץ | 25 | 33 | 34 | 47 | 59 | 80 |
| אפריל | 26 | 32 | 37 | 48 | 63 | 80 |
| מאַי | 30 | 33 | 38 | 48 | 68 | 81 |
| יוני | 32 | 34 | 38 | 48 | 70 | 82 |

מיט באזונדער הנאה, ווי א ראיה פון טריאומפאלן אוואנס פון דער מאָדערנער שול, גיב איך דאָ די פאלגנדיקע צוויי ארטיקלען, וואס איך האב פארעפנטלעכט אין באַלעטין, דעם 3־טן יאָרגאנג 1־טן נומער:

# דערעפענונג פונם שול ־ יאָר

דעם 8־טן ד. ח. איז געפייערט געוואָרן די דערעפענונג פונם איצטיקן קורס.

א גרויסער עולם פון שילער מיט זייערע פאמיליעס און יענעם סימ־פאטישן פובליקום, וואס באזוכט שטענדיק אונדזערע עפנטלעכע לעקציעס, האָט אויסגעפילט די נאָר וואס פארגרעסערטע זאַלן, און באַטראַכט, ביז דער באשטימטער שעה, אונדזערע קאָלעקציעס, וואס מאכן דעם איינדרוק פון א וויסנשאפטלעכן מוזיי.

די פייערונג האָט זיך אָנגעהויבן מיט א קורצער רעדע פונם דירעק־טאָר, וועלכער האָט דערקלערט פאר דערעפנט דעם דריטן שול־יאָר. אין דעמדאָזיקן יאר וועט מען, מיט דער הילף פון דער פראקטיק און עקספע־ריענץ און דערמוטיקט דורכן דערפאלג, ענערגיש און איבערצייגט פארזעצן די אויפגאבע, וועלכע באוועגט די מאָדערנע שול.

דער ה׳ דע בוען האָט זיך באגריסט פאר די מאַטעריעלע אויסבעסע־רונגען, וואס זיינען איינגעפירט געוואָרן אין שול, און באשטעטיקט דעם אידעאל, אז דער לימוד זאל געטריי אפשפיגלען די נאטור, היות די ידיעה קאָן נישט זיין עפעס אנדערש, ווי די פערצעפציע, וואס אונדזער שכל קריגט פונם עקזיסטירנדיקן.

אויף א באזונדער אויפטראג פון זיינע קינדער, וועלכע זיינען שילער אין דעררדאָזיקער שול און געפינען זיך נאָך אויף דער זומער־וואוינונג, האָט ער איבערגעגעבן אויסדרוקן פון ברידערלעכער חברלעכקייט פאר זייערע מיטשילער, ווענדיק זיי ווינטשן צו קריגן די מעגלעכקייט צו לעבן אין דער פולער נאטור, ביים ברעג ים, צו פארטיפן זיך אין די וועלדער, לויפן איבער די טאָלן, קלעטערן אויף די פעלדזן פון די ווילדע בערג און באטראכטן און שטודירן אומאויפהערלעך די נאַטירלעכע וואונדער.

ער האָט געזאגט, אז אפילו אין דעם אפיציעלן אונטעררריכט, אדער בעסער געזאגט ביי א טייל פראָפעסאָרן, וואס גיבן זיך דארטן אָפּ, זיינען נישט געקוקט אויף דעם ארכאישן, וואס אָט דער אונטערריכט פארמאָגט, ווי א פארטרעטערשאפט פון די אמאליקע סאציאלע קלאסן, פאראן ענלעכע

טענדענצן אויף די פון דער מאָדערנער שול. א סימן איז די אנוועזנהייט פונם רעדנער גופא, פונם ה' מארטינעס ווארגאס און פון עט־לעכע דאָ בייוועזנדיקע לערער.

ער האָט מיטגעטיילט, אז די מאָדערנע שול האָט שוין א שוועסטער־אנשטאַלט אין גואדעלאכארא, וואו עס וועט אינגיכן דערעפנט ווערן א צום זעלביקן ציל שטרעבנדיקע שול. דידאַקטיק איז גע־שאפן געווארן דורך א לעגאט פון אן אלטרואיסטישן מענטשן, וועלכער האָט פארן טויט געוואלט ביישטייערן צו דער דערלייזונג פון דער קינדהייט, וועלכע זאל באפרייט ווערן פון דער עם הארצות און אבערגלויבן. דער רעד־נייר האָט אויסגעדריקט די האפנונג און דעם שטארקסטן וואונטש, אז די רייכע וועלן ענדלעך פארשטיין פארן שטאַרבן, אז איידער דער משוגענער עגאָיזם אפצוגעבן זייער עשירות אויף צו שאפן א כלומרשטן יענוועלטיקן גליק, איז גלייכער די רייכטימער אומצוקערן דער געזעלשאַפט לטובת די פארווארלאזטע.

דער דר. מארטינעס ווארגאס האָט זיך ארויסגעזאגט, אנטקעגן די, וואס גלויבן אנדערש ווי, אז דער ריין וויסנשאפטלעכער און ראציאָנאלער אונטעררריכט פון דער מאָדערנער שול איז א פּאָזיטיווער יסוד פאר דער גוטער דערציאונג, אומאיבערטרעפלעך בנוגע דער באַציאונג פון די קינדער מיט זייערע פאמיליעס און מיט דער געזעלשאפט און דער איינ־ציקער יסוד אויף אויסצובילדן מאראליש און גייסטיק דעם צוקונפטיקן מענטשן.

ער האָט זיך גראטולירט, וואס די שול־היגיענע, וועלכע איז פראקטי־צירט געווארן אין דער מאָדערנער שול פארן משך פון די פריערדיקע יארן דורך א פעריאדישער אונטערזוכונג פון די שילער אויף אויסצומיידן די אנשטעקנדיקע קראנקהייטן, און וועלכע איז טעארעטיש באהאנדלט געווארן אין די עפנטלעכע לעקציעס, איז סאנקציאָנירט געווארן אויף דעם היגיענישן קאָנגרעס, וועלכער איז נאָר וואס פארגעקומען אין בריוסעל.

רעזומירנדיק זיינע לעקציעס און מיטן ציל, אז די מינדלעכע דער־קלערונג זאל צוגעהאלפן ווערן דורך דער זע־פערצעפציע, האָט זיך דער

לעקטאר צוגעהאלפן מיט ליכט־בילדער און באוויזן א ריי אילוסטראציעס פון היגיענישע איבונגען, כאראקטעריסטישע טיפן פון עטלעכע קראנק־הייטן, קראנקע ארגאנען א. א. וו. וועלכע דער רעפערענט האָט ברייט דער־קלערט. אן אינצידענט, וואס האָט פאסירט מיטן אפאראט, און וואס וועט לייכט פארריכט ווערן פאר די קומענדיקע לעקציעס, האָט איבערגעריסן דאס פארשטעלן די בילדער. די דערקלערונג איז פונדעסטוועגן פארגעזעצט געווארן און האָט זיך באצויגן אויף דער שלעכטער ווירקונג פונם קארסעט, אויף די געפארן פון מיקראבן־אנשטעקונג איבערן שטויב, וואס ווערט פרא־דוצירט דורכן נאָכשלעפן זיך פון די קליידער, אויף דער ענלעכער סכנה, ווען די קינדער שפילן זיך אין זאמד, אויף די אומגעזונטע וואוינונגען און ווארשטאַטן, א. א. וו. ער האָט פארענדיקט מיט דער הבטחה פארצוזעצן אין משך פונם קורס די סעריע היגיענישע אויפקלערונגען.

ביים פארענדיקן האָבן די אנוועזנדיקע אויסגעדריקט זייער צופרידנ־קייט, און די שילער, שיינענדיקע פאר פרייד, האבן פארגעשטעלט מיט זיך א לעבעדיק בילד, וואס איז געווען א מין טרייסט פאר די יסורים פון דער טרויעריקער ווירקלעכקייט און די האָפנונג פון א בעסערער מענטשהייט אין דער צוקונפט.

## אַ שול עקסקורסיע אין לאַנד פון דער אינדוסטריע

ווי גרויס, ווי פראכטפול, ווי נוציק עס איז די ארבעט!

אזעלכע אויסגעשרייען האבן זיך ספּאָנטאַן געריסן ביי די יינגלעך און מיידלעך, תלמידים פון דער מ אָ ד ע ר נ ע ר ש ו ל, אין די פריילעכע ס א ב א ד ע ל ל ע ר פעלדער, דעם 30־טן פונם פארגאנ־גענעם יולי, נאָכדעם ווי זיי האבן באזוכט אייניקע פאבריקן, דארטן זיינען די קינדער געקומען אין פריינטשאפטלעכער בארירונג מיט די ארבעטערינס און ארבעטער, וועלכע האבן אויפגענומען די קינדערשע געסט מיט ליבע און דרך ארץ, און ווען די שילער האבן צום סוף, נאָך א ברידערלעכן פעלד־מיטאָג, זיך צונויפגעזאמלט ארום דעם לערער, וואס האָט געמאכט א רעזו־מען פון דעם דערציערישן אויספלוג, האבן זיי די געדאנקען, וואס אָט די

עקסקורסיע איז געווען בכוח ארויסצורופן, אריינגעבראכט אין באגייס־טערונג.

דער פרימיטיווער מענטש, וועלכער האָט זיך אויסגעבילדעט נאָך א לאנגער פראגרעסיווער עוואָלוציע, האָט אין דער פריסטער צייט פון דער מענטש־הייט נישט געהאט קיין שום עקספעריענץ, קיין שום מיטלען, און די נויטן זיינען געווען צודרינגלעכע. אין מיטן פון א שפעדיקער און פרוכטבארער נאטור, וועלכע איז פונדעסטוועגן געווען קנאַפּ וואס געניוגט צו שענקען אומזיסט אירע אוצרות, האָט דער מענטש גיכער וועגעטירט, ווי געלעבט, ביי די ים־ברעגן, אין די וועלדער, אויף די בערג, באהאלטן אין די היילן, וואו אונדזערע אורעלטערן האבן געזוכט צו באפרייען זיך פון די שטרענגע וועטערן און פון די ווילדע חיות.

ווען דער מענטש האָט באוויזן צונויפצובינדן באגריפן, וואס האבן זיך אויף אן אומפילבארן אופן געשאפן אין זיין זכרון, און אויסבילדן דעם ערשטן געדאנק, וועלכער איז ארויסגערופן געווארן דורך דער נויט — דער וויכטיקסטער, אויב נישט איינציקער באוועגערין פון דער גייסטיקער טעטי־קייט — האָט ער אָט דעם געדאנק געווידמעט דער נאטור, און די נאטור האָט זיך באוויזן צופרידן און אויפגעלייגט צו שענקען אים אירע מתנות. פארן פרייז פון א געדאנק, וואס האָט באשאפן דאס לויערן אדער דאס ווארף־געווער, האָט די נאטור געגעבן די יאגד, פאר אן אנדער פאסיקן גע־דאנק האָט זי אים געגעבן דעם פיש־פאַנג, און, ווייל דער מענטש האָט זיך דערטראכט צו פארגראָבן די זריעה, האָט זי אים געגעבן די פרוכטן. מיט אָט דעם וועט שוין דער מענטש נישט בלויז נישט שטארבן פאר הונגער, נאָר ער האָט זיך שוין אויסגעלערנט אפצואוועגדן אן אָנפאל פון ווילדע חיות, און ער האָט שוין אפילו אויפגענומען די ערשטע אָנהויבן פון דער געזעלשאפטלעכקייט.

דער מענטש האָט זיך געדארפט באקליידן; און אפשר האָט דאס באנוצן די פיברען פון די טעקסטילע פלאנצן, נאָכדעם ווי ער האָט באנוצט די פעל פון די אויפגעפרעסענע חיות, וועלכע זיינען געווען שמוציק, פארמלאָז און, נישט געגארבטע, פלעגן זיי שנעל צעריסן ווערן, אים אינספירירט דעם געדאנק אויסצונוצן די וואָל־פיברען, וועבן זיי אויף יענעם עמבריאָנארן

וועב־שטול, אין וועלכן דער פאָדעם פלעגט זיך אָנציען צווישן צוויי שטעקנס, און אין דער ברייט וועבן מיט דער האַנט.

ארויפגעקומען די שפינערין, וואָס דאָס באַטייט אַן אומגעהויערן געזעלשאַפטלעכן פאַרשריט. ווארום מיט איר איז געוואָרן איינגעזעסן דער וואַנדערנדיקער שבט, וועלכער פלעגט ארויסגיין פון אַן אויסגענוצטער טעריטאָריע צו זוכן אַן אַנדערן שפּעדיקן פּלאַץ. נישט תמיד פלעגט דער שבט געפינען אַזעלכן, ער פלעגט זיך פריער גוט אָנליידן אויפן וועג. אָדער אַמאָל פלעגט טרעפן, אַז דער פּלאַץ איז שוין פאַרנומען דורך אַן אַנדער שבט, ביי וועמען ער האָט עס געדאַרפט צונעמען אין אַן אכזריותדיקער מלחמה אָדער אומקומען אין דער קריג.

די שפינערין, בכן, באַטייט די פאַמיליע, די היים, דאָס קולטיווירטע פעלד, די סטאַדע, דאָס קלייד, דאָס רעגולערע שפּייזן זיך מיט ברויט, גרינצייג, פּרוכטן, מילך, קעז און פלייש, דערצו באַטייט עס דאָס אייזן, די שמידעריי, דאָס געצייג, די אַרבעט, די מאָראַליטעט און דעם פרידן.

ווען ביי אַט יענער מדרגה פּראָגרעס וואָלטן נישט ארויפגעקומען, ווי קראַנקהייטן, וואָס זיינען עלול קאַליע צו מאַכן דעם אָרגאַניזם — דער גלח, דער מאַנדאַרין און דער קריגער, וואָלטן די פּראָגרעסן פאַרגעזעצט אין אַ רעגלמעסיק שטייגנדיקן מאַסשטאַב. דעמאָלט וואָלטן די אידעאַלן, וואָס מיר באַגרייפן איצט ווי אַ ווייטע שטרעבונג, שוין זינט יאָרהונדערטן געווען פאַרווירקלעכט אין דער פּראַקטיק.

דער טיפּ פון דער שפינערין איז באַקאַנט פון דער קונסט און אַפילו פון זען, ווארום עס זיינען נאָך פאַראַן שפינערינס אין די פאַרוואָרפענע ווינקלען, וואוהין די ציוויליזאַטאָרישע השפעה דערגרייכט קוים: זיצנדיק ביי דעם שפּין־ראָד מיט געוואַשענעם און גערייניקטן וואָל, דרייט זי דעם פּאָדעם און פאַרפעסטיקט אים מיטן שפּינדל, וועלכער באַוועגט זיך צאַרט און שנעל צווישן אירע פינגער. אַמאָל איז די שפינערין אַ פאַרעלטערטע זקנה, אַמאָל אַ שיינע פרוי אָדער אַ שעמעוודיק מיידל.

מיט אַזעלכע פאָרשטעלונגען אין מוח האָבן די קינדער פאַרגליכן און אָפּגעשאַצט די מעכאַנישע וואונדער, וואָס האָבן געוועקט זייער נאַיווע התפעלות. שווער ווי זיי איז געווען צו פאַרשטיין די דערקלערונגען און

טעכנישע פּרטים, וואס עס האבן זיי קלאר און ליבלעך איבערגעגעבן דער אָנפירער פונם אויספלוג און די ארבעטער פון די פארשידענע אפּטיילונגען, האָט זיך זיי טאקי אויסגעוויזן נאָר אַן ארבעט פון וואוילטעטיקע פייען אָט יענע טראנספארמאציע פונם גראָבן, שמוציקן, נאָר וואס אפגעשארענעם וואל אין די פיינסטע געוועבן פון די עלעגאנטע מוסטערן און רייכע קאָלירן, די טראנספארמאציע, וואס זיי האבן געזען, געמאכט אין א קורצער צייט, דורכגייענדיק די פארשידענע איינריכטונגען — אזוי, אז זיי האבן כמעט נישט באגריפן די שוועריקייטן פון די אפּעראציעס און די יסורים פון דער ארבעט.

מען האָט זיי געדאַרפט אראפּברענגען צו דער ווירקלעכקייט און ציען זייער אויפמערקזאמקייט אויפן מעכאַניזם, וואס נעמט דעם רויען וואָל און וואַשט אים איבער אין א גאנצער ריי וואסערן, וואס אין יעדער איינער פון זיי שטייגט די ריינקייט, ביז דאס וואָל ווערט שניי־ווייס. דערנאָך האָט מען זיי געוויזן דאס בארשטן, וואס צענעמט דעם וואָל אויף איינציקע פיינע פיברען, דאס שפּינען מיט מעכאַנישע שפּינדלען, וואָס מאכן אין א מינוט די ארבעט, וואס וואלט ביי דער טראדיציאָנעלער שפּינערין פאר־נומען לאנגע חדשים, די איבעריקע צוגרייטונגען צום וועבן און דעמאלט די וואונדערבאר Jacquord מעכאַניזם, וועלכער פּונקט ווי ער וואלט געווען א ווילן באוועגנדיקער מוח, ווי א קינסטלער מיט פּינזעלס און קאָ־לירן, באוועגט נאָדלען און קאָרדאָנען און שאפט מיט זיי די פארביקע געמעלן, וואס פארשענערן דאס צייג, וועלכע מיר באנוצן פאר קליידער און אלערליי באפּוצונגען.

פארפולט יענעם ארבעטס־בילד האָט דאס אויסנוצן דעם אָפּפאל און שטיקלעך, וועלכע ווערן אונטערגעוואָרפן אונטער פארשידענע אפּעראציעס ביז זיי באנייען, ביז א געוויסן גראד, די שוין גענוצטע פיברען, פון וועלכע עס ווערן אויסגעארבעט ביליקע שטאָפן פאר די ארעמע, ד. ה. ווי א באַ־לוינונג פאר די פּראָדוצירער.

א לויב־געזאנג צום פּראגרעס, צו דער ציוויליזאציע, צו דער ארבעט האָט זיך ספּאָנטאן געשאפן אין די דערהיצטע דמיונות פון די שול־עקסקור־סיאָניסטן, און איז געקומען צום אויסדרוק דורך די התפּעלותדיקע אויס־

געשרייען, וואס האָבן זיך געלאָזט הערן אויף איטלעכן טראָט מיט זילבערנע קלאַנגען, וואס זיינען מאדולירט געוואָרן פון די פרישע קינדערשע העלדזלעך.

עס איז אויסגעקומען זיי נאָך אמאל צוריקצוברענגען צו דער ווירק־לעכקייט. די געלעגנהייט איז געקומען דורך אן אינצידענט: עטלעכע ייִנג־לעך און מיידלעך, אויף וועמען עס האָט שלעכט געווירקט די היץ און דער אומאנגענעמער ריח פון די מאטעריאלן, האָבן נישט געוואָלט אריינגיין אין דער צולעצט באַזוכטער אָפּטיילונג, און דאס האָט געגעבן שטאָף פאר א לעצטער נאָכטראַכטונג.

די ארבעטאָרינס און ארבעטער אין יענע פאבריקן האָבן אנגעהויבן זייער לערן פּעריאָד בעת זיי זיינען נאָך געווען קינדער. א סך האָבן נאָך נישט באוויזן צו באַפעסטיקן זייער ארגאניזם און האָבן נאָך נישט פארענדיקט זייער דערציאונג און בילדונג. זיי האָט אודאי אויך באלעסטיקט די היץ און דער שלעכטער ריח פון די מאטעריאלן, אָבער העכער פון דער אומ־אנגענעמלעכקייט איז געשטאַנען די נויט, און דאָ מוזן זיי פארבלייבן ביז זיי וועלן שטארבן, דער טרויעריקער סוף, וואס קומט שטענדיק פאר דער צייט, וואס די געווינלעכע תנאים פונם מענטשלעכן ארגאניזם באַשטימען בכלל.

זיכער איז און באוואונדערונגס־ווערט, וואס די פארייניקטע וויסנ־שאַפט און אינדוסטריע האָבן באוויזן נסים, ווי די ארבעטן, וואס ווערן גע־מאכט דורך דידאַזיקע מאשינען. פונדעסטוועגן מוז מען צום אומגליק אנט־קעגנשטעלן א שרעקלעכן אָ ב ע ר: די נוצן זייערע ווערן נישט פאר־טיילט מיט יושר. אָט קאָנט איר זען: אָט די ארבעטער, וואס מוזן כסדר פארליידן אָט די פאר אנדערע קינדער אומדערטרעגלעכע אומשטענדן, וואס מאכן דורך א סך יסורים און ענדיקן דאס רוב מיט א פריצייטיקן טויט, קריגן א קלעגלעכן לוין; בעת די לעגאלע באלעבאטים פון די מאשינען, פון די פּראָדוקטן און פון די רוחים, וועלן דאס געשעפט פאלט נישט דורך, ווערן רייך און געניסן מיט די זייעריקע פון די באקומענע פרוכט. דאס באַ־ווייזט, אז כדי די סאָציאלע גערעכטיקייט זאל זיך דערהויבן כאָטש ביז דער הויך פונם אינדוסטריעל־וויסנשאַפטלעכן פּראָגרעס, דאַרפן דערפאר ארבעטן

אַלע, וואס שטרעבן צו דערהויבן דעם מענטשלעכן מין ביז דער ווירדיקייט און אמתן גליק.

אָט דאָס זיינען בקיצור די נאָכטראַכטונגען, וואָס האבן באאיינפלוסט אונדזערע תלמידים אין דערהאָזיקער אנגענעמער עקסקורסיע, וועלכע איז געווען איינע פון די פארשידענע בילדונגס־דערגאנצונגען, וואס ווערן באַנוצט אין אונדזער שול.



XIV

# זיך פארטיידיקנדיק

אָט איז די פראגראם פון דריטן שול־יאָר 1904—1903:

מיטהעלפן דער פראגרעסיווער עוואָלוציע פון דער קינדהייט און אויס־מיידן די רעגרעסיווע אטאוויזמען, וועלכע זיינען ווי מכשולים, וואס דער עבר לייגט אוועק אויף צו שטערן די אָפענע און אנטשלאָסענע טריט צום עתיד. אָט דאס איז אין תמצית די העכסטע אויפגאבע פון דער מ אָ ־ ד ע ר נ ע ר ש ו ל.

נישט קיין דאָגמעס, נישט קיין סיסטעמען, פורעמס, וואס שרומפן איין די וויטאליטעט צו דער ענגשאפט פון די פאדערונגען מצד א פארבייגייענ־דיקער געזעלשאפט, וועלכע שטרעבט צו זיין די ענדגילטיקע; שלוס, וואס זיינען דערוויזן געווארן דורך פאקטן, טעאָריעס, וואס דער שכל האָט אָנגע־נומען, אמתן, וואס די באשיינפערלעכקייט האָט באשטעטיקט, אָט וואס עס שטעלט צוזאמען אונדזער לימוד, וועלכער צילט, אז יעדער מוח זאל זיין דער באוועגער פון א ווילן, און אז די אמתן, וואס שיינען פון זיך גופא אין אבסטראקט, זאלן זיך איינווארצלען אין איטלעכן פארשטאנד און, אנגע־ווענדט אין דער פראקטיק, זאלן זיי ברענגען נוצן לטובת דער מענטשהייט אָן אומווירדיקע אויסנאמען און אָן דערווידערדיקע אויסשליסלעכקייטן.

צוויי יאָר דערפאלג זיינען ערוב פאר אונדז, און אויפן ערשטן פלאץ צייכנט זיך אויס דער גלענצנדער רעזולטאט פון דעם געמישטן לימוד, אן אמתער טריאומף, קאָן מען זאגן, וואס דער עלעמענטארסטער גלייכער שכל האָט אָפגעהאלטן איבערן פארורטייל און דער רוטין.

אזוי ווי מיר האלטן פאר נויטיק צו פארשפרייטן די ידיעות וועגן

פיזיק און נאטור־וויסנשאפטן, דער עיקר כדי דער שילער זאל זיך שאפן א ריכטיקן באגריף וועגן אלץ וואס ארום אים, האבן מיר — ווי אין די פרי־ערדיקע יארן — די מיטהילף פון די דאָקטוירים ה' דע בוען, פּראָפעסאר פון נאטור־וויסנשאפטן, און ה' מארטינעס ווארגאס, פּראפעסאר פונם מעדיצינישן פאקולטעט אין דעם היגן אוניווערזיטעט, וועלכע וועלן אמאל איבער אמאל איטלעכן זונטיק פון עלף ביז צוועלף רעפערירן אין לאָקאל פון אונדזער שול איבער זייער באטרעפנדיקע וויסנשאפטלעכע מאטעריעס. דידאַזיקע רעפעראטן וועלן פארברייטערן און דערגאנצן די לעקציעס וועגן די גענאַנטע וויסנשאפטן, וואס די שילער וועלן קריגן אין משך פונם קורס.

עס בלייבט אונדז נאָך איבער צו באמערקן, אז פארינטערעסירט, ווי מיר זיינען תמיד, אין דעם בעסטן דערפאלג פון אונדזער ארבעט פאר דער גייסטיקער און וואליטיווער אויפלעבונג, האבן מיר באַרייכערט אונדזער אונטעררריכטס־מאטעריאל מיט נייע קאָלעקציעס. דידאָזיקע וועלן פארלייכ־טערן די קינדער צו פארשטיין די דערקלערונגען און אגב מאכן אנגענעמער די וויסנשאפטלעכע ידיעות. אויך, אז, היות אונדזער לאקאל האָט זיך ארויס־געוויזן פאר קליין איבער דער שטייגנדיקער צאָל שילער, האבן מיר גענו־מען נייע וואוינונגען אויף צו פארגרעסערן די שול־צימערן און קאָנען אויפ־נעמען די אלע ביטעס, וואס מיר האבן באקומען.

דאָס פארעפנטלעכן אָט די פּראָגראם האָט, ווי געזאגט, ארויסגערופן די אויפמערקזאמקייט פון דער רעאקציאָנערער פרעסע און איז אָפגעענט־פערט געווארן פון די ליבעראלע צייטונגען. אָבער פאר א לעבעדיקן מוסטער פון דער ראציאנאלער פעסטקייט פון דער מאָדערנער שול, האָב איך אריינגעגעבן אין באָלעטין אָט דאס ארטיקל:

## פּעדאַגאָגישער אַנטאַגאָניזם

די מאָדערנע פּעדאַגאָגיע, וועלכע האָט זיך באפרייט פון טראדיציעס און קאָנווענציאָנאליזמען, מוז אוועקגעשטעלט ווערן אויף דער הויך פונם מענטשנס ראציאָנאלן באגריף, פון די איצטערדיקע וויסנשאפטלעכע ידיעות און פונם דערפון פאלגנדיקן מענטשלעכן אידעאל.

אויב מען וועט, צוליב וועלכע נישט איז השפעות, נעבן דעם לימוד און דער דערציאונג אן אנדער זינען, און דער לערער וועט נישט דערפילן זיין חוב, וועט מען אים דארפן דערקלערן פאר א שווינדלער און זאגן, אז די פעדאגאגיע איז נישט מער, ווי אן אויסטראכטעניש אויף צו צווימען מענטשן לטובת זייערע הערשער.

צום אומגליק פאסירט טאקי הויפטזאכלעך אט דאס לעצטע: די געזעלשאפט איז ארגאניזירט און ווערט אויפגעהאלטן, נישט מיט דער אבזיכט צופרידנצושטעלן אן אלגעמיינע נויט און צו דערפילן אן אידעאל, נאר ווי א וועזן, וואס זיין ספעציעלע עובדא איז אויפצוהאלטן זיינע פרימיטיווע פארמען און צו פארטיידיקן זיך פארביסן אנטקעגן איטלעכער רעפארם, ווי ראציאנאל און ווי דרינגענדיק אט די רעפארם זאל נישט זיין.

אט די שטרעבונג צו דער אומבאוועגלעכקייט גיט די פארצייטיקע טעותים דעם כאראקטער פון הייליקע אני־מאמינס, וויקלט זיי ארום אינם גרעסטן פרעסטיזש און שאפט זיי א דאגמאטישע אויטאריטעט. פאסירט בכן, אז נאכדעם, ווי זיי רופן ארויס טומלענישן און מחלוקת, בלייבן די וויסנשאפטלעכע אמתן נישט אנגעווענדעט, אדער קנאפ־וואס אויסגענוצט, און אנשטאט אויסצושפרייטן זיך אויף צו באלייכטן אלע מוחות און ארויסווייזן זייער ווירקונג דורך אלגעמיין נוציקע אינסטיטוציעס און מנהגים, בלייבן אט די אמתן פארהאלטן אין דער ספער פון דער פריווילעגיע. אויף דעם אופן האבן מיר איצט, פונקט ווי אין די צייטן פון דער עגיפטישער טעאקראטיע, איין עזאטערישע תורה פאר די העכערע און נאך איינע אן עקזאטערישע פאר די נידעריקע קלאסן, פאר די, וואס זיינען באשטימט צו ארבעטן, פארטיידיקן דאס לאנד און ליידן די דערנידעריקנדיקסטע נויט.

דעריבער האבן מיר די מיסטישע און מיטישע תורה, וואס איר הערשאפט און אויסשפרייטונג האט מען בלויז געקאנט פארשטיין און דערקלערן אין די ערשטע צייטן פון דער מענטשהייט, און וועלכע געניסט נאך פונדעסטוועגן, פון אלע כבודים, בעת די וויסנשאפטלעכע דאקטרין איז, נישט געקוקט אויף איר באשיינפערלעכקייט, באשרענקט אויף דעם באגרעניצטן קרייז, וואו עס לעבט די אינטעליגענץ; העכסטנס ווערט זי אין געהיים אנערקענט פון געוויסע צבועקעס, וועלכע אבער, כדי זייער געזעל־

שאָפּטלעכע שטעלונג זאָל נישט ליידן, מוזן אין דער עפּנטלעכקייט אַנער־קענען דעם היפּוך.

אויף צו געבן אַ קלאָרן בילד פון דעמראַזיקן אַבסורדן אַנטאַגאָניזם קאָן קיין זאַך נישט דינען בעסער, ווי אָט דער פאַרגלייך, אין וועלכן די צעפּלאָסענע דמיונות פונם אומוויסנדיקן פּרומאַק געפינען זייער קאָנטראַסט אין דער ראַציאָנאַלער איינפאַכקייט פונם געלערנטן:

## די ביבל

אין דער ביבליע זיינען פאַרשריבן די מעמוארן פונם הימל, פון דער ערד און פונם מענטשלעכן מין. אין איר איז, פּונקט ווי אין דער געט־לעכקייט גופא, אַנטהאַלטן אַלץ, וואָס איז געווען, וואָס איז און וואָס וועט זיין: אין איר ערשטער זייט ווערט דערציילט דער אָנהויב פון די צייטן און פון די זאַכן, און אין איר לעצ־טער זייט, דער סוף פון די זאַכן און פון די צייטן. די ביבל הויבט זיך אָן מיט בראשית, וואָס איז אַן אידיליע, און ענדיקט זיך מיטן הייליקן יאָהאַנס אַפּאָקאַליפּסיס, וואָס איז אַ טויטן־געזאַנג.

דער ספר בראשית איז שיין, ווי דאָס ערשטע ווינטל, וואָס האָט אָפּגעפרישט די וועלטן, ווי דער ער־שטער מאָרגנשטערן אויפן הימל, ווי דאָס ערשטע בלימל אויף די פעלדער, ווי דאָס ערשטע ליבע־וואָרט, וואָס די מענטשן האָבן אַרויסגערעדט, ווי די ערשטע זון, וואָס האָט זיך באַוויזן אויפן מזרח. דעם הייליקן יאָהאַנס

## דער אַנטראָפּיזם

די הינטערשטעליקע פילאָזאָפיע פון די טראַדיציאָנעלע דאָגמעס שעפּט איר הויפּט־כוח פונם אַנטראָפּיזם אָדער אַנטראָפּאָמאָרפיזם. אונטער דעם וואָרט פאַרשטיי איך „דעם מאַכטיקן און גרויסן סך־הכל פון פאַלשע באַגריפן, וועלכע שטרעבן אוועקצושטעלן דעם מענטשלעכן אָרגאַניזם, וועלכן זיי האַלטן פאַר אַ געטלעכן מהות, להיפּוך צום איבעריקן אין דער נאַטור, מאַכנ־דיק פונם מענטשלעכן אָרגאַניזם דעם פון פאָרויסבאַשטימטן תכלית פאַר דעם אָרגאַנישן באַשאַף, פון וועלכן ער איז ראַדיקאַל פאַרשידן".

אַ טיפע קריטיק פון אָט דעם סך־הכל באַגריפן באַווייזט, אַז די דאָזיקע ווערן באַגרינדעט אויף דריי דאָגמעס, וועלכע איך רוף אָן אַנטראָפּאָצענטרישע, אַנטראָפּאָמאָרפישע און אַנטראָפּאָלאַטרישער*)

---

*) אַנטראָפּאָס (מענטש), אַ וואָרט־שורש, וואָס ווערט קאָמבינירט מיט די ענדונגען צענטראָ (מיטל־פּונקט), מאָרפא (פאָרם) און לאַטריאַ (פאַרגעטערונג).

אַפּאָקאַליפּסים איז טרויעריק, ווי דער לעצטער צאַפּל פון דער נאַטור, ווי דער לעצטער שטראַל ליכט, ווי דער לעצטער קוק פון א גוסס. און צווישן אָט דעם טויטן־געזאַנג און יענער אידיליע זעט מען דורכגיין פאַר גאָט איינעם נאָך דעם אנדערן אלע דורות און איינעם נאָך דעם אנדערן — אַלע פעלקער. די שבטים גייען מיט זייערע פּאַטריאַרכן, די רעפּובליקן מיט זייערע מאַגיסטראַטן, די מאָנאַרכיעס מיט זייערע מלכים און די אימפּעריעס מיט זייערע קיסרים. בבל גייט דורך מיט איר זינד, נינוה מיט איר פּאָמפּ, מעמפיס מיט אירע חרטומים, ירושלים מיט אירע נביאים און איר בית המקדש, אַטען מיט אירע קונסטן און אירע העלדן, רוים מיט איר דיאַדעם און מיטן רויב פון דער גאַנצער וועלט. קיין זאַך איז נישט פעסט, חוץ גאָט. אַלדאָס איבעריקע גייט פאַרביי און שטאַרבט, ווי עס גייט דורך און שטאַרבט דער שוים פון די ים־וועלן.

— — — — — — — — — —

וואונדערבאַר איז יענער בוך, אין וועלכן דער מענטשלעכער מין האָט אָנגעהויבן צו לייענען מיט דריי און דרייסיק יאָרהונדערטן צוריק, און וואָס לייענענדיק אין אים אַלע טעג, אַלע נעכט און אַלע שעה, האָט ער אים נאָך נישט געענדיקט דורכלייענען. וואונדערבאַר איז יענער בוך,

1. די אַנטראָפּאָצענטרישע דאָגמע דערקלערט, אַז דער מענטש איז דער מיטלפּונקט, דער ענדציל, וואָס איז פון פאָרויס באַשטימט געוואָרן פאַרן גאַנצן ערדישן לעבן און, אויסברייטנדיק דעמדאָזיקן באַגריף, פאַרן גאַנצן אוניווערזום. היות אָט דער טעות באַפרידיקט דעם מענטשלעכן עגאָיזם, און היות ער איז טיף פאַרבונדן מיט די מיטן פון די דריי גרויסע מיטללענדישע רעליגיעס, דער ייִדנישער, קריסטלעכער און מאַכמעדאַנער, הערשט ער נאָך אין גרעסטן טייל פון דער ציוויליזירטער וועלט.

2. די אַנטראָפּאָמאָרפישע דאָגמע פאַרגלייכט די וועלט־באַשאַפונג און די רעגירונג פון דער וועלט צו די קינסטלערישע שאַפונגען פון א פעאיקן טעכניקער אָדער פון אַ מעכאַנישן אינזשעניער און צו דער פאַרוואַלטונג פון א באַטראַכטן שטאַטס־מאַן. גאָט, דער האַר, באַשעפער, אויפהאַלטער און פאַרוואַלטער פון דער וועלט, ווערט פולשטענדיק פאַרשטאַנען, אין זיין אַרט דענקען און האַנדלען, נאָך דעם מענטשלעכן מוסטער נאָך. פון דאַנען קומט ווידער ארויס, אז דער מענטש איז ענלעך אויף גאָט, און דעריבער באַשטעטיקט די דאָגמע: „גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן אין זיין געשטאַלט". די פּרימיטיווע נאַיווע מיטאָלאָגיע איז ריינער האָמאָטעאיזם און גיט אירע געטער די מענטשלעכע פאָרם און בלוט און

אין וועלכן עס ווערט אלץ אויסגע־רעכנט, נאָך איידער די חכמת־החשבון איז אויסגעפונען געוואָרן, אין וועלכן אָן לינגוויסטישע שטודיומען ווערן געגעבן ידיעות וועגן דער אָפּשטאַ־מונג פון אלע לשונות, אין וועלכן עס ווערן אָן אסטראָנאָמישע פאָרשונ־גען אויסגערעכנט די באַוועגונגען פון די שטערן, אין וועלכן עס ווערט אָן געשיכטלעכע דאָקומענטן דערציילט די היסטאָריע, אין וועלכן עס ווערן אָן פיזישע פאָרשונגען אנטפלעקט די געזעצן פון דער וועלט. וואונדערבאַר איז יענער בוך, וואָס זעט אַלץ און ווייס אלץ; וואָס קאָן די געדאַנקען, וועלכע ווערן געבאָרן אין מענטשנס האַרצן און וועלכע זיינען במציאות אין גאָטס מוח; וואָס זעט, וואָס עס פּאַסירט אין די תהומות פונם ים און וואָס עס קומט פאָר אין די טיפעניש פון דער ערד; וואָס דערציילט און זאָגט פאָרויס אלע מענטשלעכע קאַ־טאַסטראָפן, און וואו עס זיינען איינ־געשלאָסן אלע אוצרות פון בארעמ־האַרציקייט, אלע אוצרות פון גערעכ־טיקייט און אלע אוצרות פון נקמה. אַ בוך, ענדלעך, וואָס בעת די הימלען וועלן זיך צונויפוויקלען ארום זיך ווי א ריזיקער פעכער, און ווען די ערד וועט אָנהויבן צו חלשן, און די פלייש. די לעצטע מיסטישע טעאָזאָפיע פארגעטערט דעם פערזענלעכן גאָט, ווי אן „אינו נראה" — אין דער אמתן אין א גאז־פאָרם — און אין דערזעל־ביקער צייט לאָזט זי אים דענקען, ריידן און האַנדלען אויף א מענטשלע־כן אופן. זי פאלט אזוי אַריין אין דעם אבסורד פון א „גאז - ווערטע־ברירטן".

3. די אנטראָפּאָלאטרוי־שע דאָגמע איז אַ נאַטירלע־כער פועל־יוצא פונם פארגלייכן די מענטשלעכע אַקטיוויטעטן מיט די געטלעכע, און ענדיקט זיך אין א רע־ליגיעזן קולט פונם מענטשלעכן אר־גאַניזם, אין אַן אנטראָפּיסטישן גרויסקייט־וואנזין, פון וואַנען עס שטאַמט אָפּ דאָס גלויבן אין דער פערזענלעכער אומשטערבלעכייט פון דער נשמה, פונקט ווי די דואליסטישע דאָגמע וועגן דעם מענטשנס טאָפּעלער נאַטור, לויט וועלכער די אומשטערב־לעכע נשמה באַזעצט זיך בלויז צייט־ווייליק אין אונדזער קערפּער.

אָט די דריי אנטראָפּיסטישע דאָג־מעס, וועלכע זיינען אנטוויקלט גע־וואָרן אויף פארשידענע אופנים און צוגעפּאסט געוואָרן — נאָך די צייט־און אָרט־אומשטענדן נאָך — צו די באַזונדערע פאָרמעס פון די פארשי־

זון וועט צונעמען איר ליכט, און די שטערן וועלן זיך אויסלעשן, וועט ער אליין פארבלייבן מיט גאָט, ווייל ער איז זיין אייביק וואָרט און וועט אייביק אָפּקלינגען אין דער הויך.

דאַנאַסאָ קאָרטעס

אין אַקאַדעמישע רעדע, וואָס איז ארויסגעקומען אין א באַנד, אונטערן נאָמען די ע ל אָ ק ו ע נ ץ, אַ זאַמלונג פון באַרימטע ווערק אויף צו לייענען אין שול.

דענע רעליגיעס, האָבן געקראָגן אין משך פון די יאָרן א גוואלטיקע וויכטיקייט און זיינען געוועזן און זיינען נאָך דער קוואל פון די געפערלעכסטע טעותים.

ערנסט העקל

פון די ר ע ט ע נ י ש ן פ ו נ ם א ו נ י ו ו ע ר ז ו ם, פון וואַנען מיר האָבן ארויסגענומען אָט דעם עקסטראַקט, וועלכער איז אָפּגעדרוקט ביים סוף פון דער ק א ר ט י ל ל א, ערשטער לייען־בוך פון דער מ אָ ־ ד ע ר נ ע ר ש ו ל.

אנטקעגן דעמדראָזיקן אנטאָגאָניזם, וועלכן מען האלט אויף צוליב עם־הארצות ווי צוליב אינטערעס, דארף די פּאָזיטיווע פעדאַגאָגיע, וואס וויל לערנען אמת, כדי עס זאל ארויסקומען פראקטישע גערעכטיקייט, מעטאָדיזירן און סיסטעמאטיזירן די פּאָזיטיווע ידיעות איבער דער נאַטור, איינפלאַנצן זיי אין דער קינדהייט. אזוי וועט די פעדאַגאָגיע צוגרייטן עלעמענטן פאר דער גערעכטער געזעלשאפט, פאר יענער, וואס וועט, ווי א ריכטיקער אויסדרוק פון דער סאציאלאָגיע, פונקציאָנירן צום אינדיווידועלן און קעגנזייטיקן וואויל פון אלע מיטגלידער.

עס איז נויטיק, אז מ ש ה, אָדער ווער עס זאל נישט געוועזן זיין דער מחבר פון ב ר א ש י ת, און צוזאמען מיט אים אלע דאָגמאטיקער מיט די טעג, אין וועלכע די וועלט איז באשאפן געווארן פון גארנישט דורך דער מאכט פון א באשעפער, וועלכער האָט פריער פארבראכט אייביקייטן אין אבסאלוטער אומטעטיקייט, עס איז נויטיק, אז זיי זאלן איבערלאָזן זייער פלאץ ק אָ פּ ע ר נ י ק ן, וועלכער האָט דערוויזן די טאָפּעלע באוועגונג פון די פלאנעטן ארום זיך גופא און ארום דער זון; ג א ל י ל י י ע ן, וועלכער האָט דערקלערט, אז די זון און נישט די ערד איז דער מיטלפונקט פון דער פלאנעטארישער וועלט; ק אָ ל ו מ ב ו ס ן - און צוזאמען מיט אלע יעניקע, וואס זיינען ארוים פון דעם שטאנדפונקט, אז די ערד איז קיי־

לעכיק, און האבן זיך אוועקגעלאזט זי צו באווייזן אין אלע ריכטונגען אויף צו מאכן דעם אינווענטאר פון דער ערד און שאפן דעם פראקטישן יסוד פאר דער מענטשלעכער ברידערלעכקייט; ק ו א ו ו י ע ן און ל י־נ י י ע ן, די גרינדער פון דער נאטור־וויסנשאפט; ל א פ ל א ס ן, דעם דערפינדער פון דער נישט אפגעלייקנטער קאסמאגאנישער סיסטעם; ד א ר ו ו י נ ע ן, דעם אווטאר פון דער טראנספארמיסטישער דאקטרין, וועלכער דערקלערט די אויסבילדונג פון די מינים מיט דעם נאטירלעכן אפקלייב, און צו אלע, וואס דורך באאבאכטונג און שטודיום לייקענען זיי אפ די כלומרשטע אנטפלעקונג און דערקלערן מיט באווייזבארן אמת, וואס עס זיינען דער אוניווערזום, די וועלטן, די ערד און דאס לעבן.

אנטקעגן דאס שלעכטס, וואס איז באשאפן געווארן דורך די, אין טעות און אבערגלויבן פארזונקענע דורות, פון וועלכן אויב א סאך יחידים באפרייען זיך, איז עס אויף אריינצופאלן אין אנטי־סאציאלן סקעפטיציזם, איז דער בעסטער מיטל — און איך מיין נישט מיט דעם, אז מען זאל פארווארפן אנדערע נישט ווייניקער טרעפלעכע מיטלען — דערציען און בילדן דעם אויפקומענדיקן דור אין די ריין הומאניסטישע פרינציפן און אין די פאזיטיווע און ראציאנאלע ידיעות איבער דער נאטור, פון וועלכער דער דור איז א טייל.

פרויען, וועלכע וועלן אזוי דערצויגן ווערן, וועלן זיין מוטערס אין דעם אמת נאטירלעכן און געזעלשאפטלעכן זינען פונם ווארט און נישט קיין איבערגעבערינס פון טראדיציאנעלע אבערגלויבנס. זיי וועלן לערנען זייערע קינדער דאס גאנצקייט פונם לעבן, די ווירדיקייט פון דער פרייהייט, די געזעלשאפטלעכע סאלידאריטעט, נישט בלינד צו גלויבן אין דאקטרינען, וואס זיינען צעשטערט און פרוכטלאז געווארן פון עלטער, און נישט אונטערצוווארפן זיך אונטער אבסאלוט פאלשע יערארכיעס.

די מענער, וואס וועלן עמאנציפירט ווערן פון דער סודותדיקייט, פונם נס, פונם אומצוטרויען צו זיך גופא און צו זייערע מיט־מענטשן, און וועלן פולקאם באזייצן דעם באגריף, אז זיי זיינען געבארן געווארן נישט אויף צום שטארבן, נאך דעם טרויעריקן סינטעז נאך פונם מיסטיציזם, נאך

אויף צו לעבן, וועלן באווייזן צו פארלייכטערן די סאציאלע תנאים אויף צו געבן דעם לעבן זיין גאנצן ברייטן אומפאנג.

אויף דעם אופן וועלן מיר, אויפהיטנדיק דעם אָנדענק פון אנדערע דורות און פון אנדערע גייסטיקע מצבם פאר א לערע און פאר אן אנלערנונג אפילו, איין מאָל שליסן די רעליגיעזע תקופה אויף ארייננצוגיין ענדגילטיק אין דעם ריין נאַטירלעכן און ראציאָנאלן.

נישט געקוקט אויף אלע שוועריקייטן, האב איך אין באַלעטין פון 30־טן יוני 1904 י. פארעפנטלעכט אָט די דערקלערונג:

# דאָס דריטע יאָר

דריי יאר בליענדיקע און פראגרעסיווע פראקטיק, מיט א נטיה צו זען אונדזער מעטאָד ספאנטאן פאראלגעמיינערט, גיבן דער בארסעלאנער מאָדערנער שול נישט בלויז דעם כאראקטער פון א פולקאם פארפעסטיקטן אנשטאלט. די שול ווייזט זיך אויך ארויס פאר אן אויפוועקערין פון מעכטיקע כוחות און רעטערישע איניציאטיוועס, וואָס זיינען קאפאבל אומצובייטן דעם נייעם דור, באפרייען אים פון אטאוויזמען און צוגרייטן אים, אז בעת ער וועט קומען צום פולן לעבן, זאל ער זיך שטעלן העכער פאר די הערשנדיקע טעותים און עפענען א וועג פאר דער וויסנשאפט, פארן פארנונפט, פאר דער גערעכטיקייט און קריגן אלס שכר פרידן און גליק.

פארענדיקט דאס דריטע יאָר עקזיסטענץ, ביים ארייננטרעטן אין דער יערלעכער אָפרו־צייט, פארצייכנט דער באָלעטין דער לא עסקועלא מאָדערנא מיט פארגעניגן דעם גלענצנדן רעזולטאט, דריקט אויס זיין דאנקבארקייט צו אלע מיטהעלפער און באשטעטיקט נאָך אמאל די אויפגאבע צו באשטיין ביזן סוף אויף דער דערפילונג פון דער אָנגעהויבענער ארבעט.

די רעדאקציע

אין דעם זעלביקן נומער האָב איך אויך פאַרעפנטלעכט דעם פאָלגנדיקן רעזומען:

קלאַסיפיקאַציע נאָך געשלעכטער און צאָל אנוועזנדיקע שילער אין דער מאָדערנער שול אין משך פון די דריי ערשטע שול־יאָרן.

| חדשים | מיידלעך אין 1901 ביז 1902 | מיידלעך אין 1902 ביז 1903 | מיידלעך אין 1903 ביז 1904 | יינגלעך אין 1901 ביז 1902 | יינגלעך אין 1902 ביז 1903 | יינגלעך אין 1903 ביז 1904 | בס"ה 1־טער יאָר | בס"ה 2־טער יאָר | בס"ה 3־טער יאָר |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ביים דערעפענען | 12 | — | — | 18 | — | — | 30 | — | — |
| סעפטעמבער | 16 | 23 | 24 | 23 | 40 | 40 | 39 | 63 | 64 |
| אָקטאָבער | 18 | 28 | 43 | 25 | 40 | 59 | 43 | 68 | 102 |
| נאָוועמבער | 21 | 31 | 44 | 29 | 40 | 59 | 50 | 71 | 103 |
| דעצעמבער | 22 | 31 | 45 | 30 | 40 | 59 | 52 | 71 | 104 |
| יאנואר | 22 | 31 | 47 | 32 | 44 | 60 | 54 | 75 | 107 |
| פעברואר | 23 | 31 | 47 | 32 | 48 | 61 | 55 | 79 | 108 |
| מערץ | 25 | 33 | 49 | 34 | 47 | 61 | 59 | 80 | 110 |
| אפריל | 26 | 32 | 50 | 37 | 48 | 61 | 63 | 80 | 111 |
| מאי | 30 | 33 | 51 | 38 | 48 | 62 | 68 | 81 | 113 |
| יוני | 32 | 34 | 51 | 38 | 48 | 63 | 70 | 82 | 114 |

שטעט און צאָל שולן, וואס נוצן די טעקסט־ביכער פון דער
מ אָ ד ע ר נ ע ר  ש ו ל.

| | | |
|---|---|---|
| ווילאַנועוואַ און געלטרו | קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט | 1 שול |
| טאַררַאגאַנא | וועלטלעכע שול „לא עדוקאסיאָן" | 1 " |
| סעווילאַ | וועלטלעכע שול | 1 " |
| סעסטאָאָ | וועלטלעכע שול | 1 " |
| רעוס | אַרבעטער בילדונגס ־ קרייז | 1 " |
| פּאָרטבאָו | וועלטלעכע שול „פּראָגרעס" | 1 " |
| פּאַלאַמאָס | וועלטלעכע שול | 1 " |
| מאַנגאַט | פרייע שול | 1 " |

| | | | |
|---|---|---|---|
| מאסארראן | וועלטל. שול. פאריין פון עטלעכע פאכן | 2 | ״ |
| מאטאראָ | ארבעטער אטענעום | 1 | ״ |
| מאלאגא | וועלטלעכע שול כוליאן ווארגאס | 1 | ״ |
| מאהאן | ארבעטער פעדעראציע | 1 | ״ |
| לאַ אוניאָן | ארבעטער־פאריינען | 1 | ״ |
| גאוסין | ארבעטער־פאריין „לא ווערדאד" | 1 | ״ |
| גראנאָללערס | וועלטלעכע שול | 1 | ״ |
| גראנאדא | ארבעטער־פארבאנד „לא אָבראַ" | 1 | ״ |
| עספלוגאס | פרייע אקאדעמיע „לא נועווא הומאניִדאד" | 1 | ״ |
| קארדאבא | ארבעטער - פאריינען | 1 | ״ |
| קאספארעס | ארבעטער־בילדונגס־קרייז | 1 | ״ |
| קארטאכענא | ארבעטער־פעדעראציע. וועטלעכע שול ללאנא דעל רעאל | 2 | ״ |
| בארסעלאנא | פרייע שול פון האַסטאפראנקס, שול „זשערמינאל", מוליארעס־פאריין, מו־ליארעס־פאריין (גראסיא), קעגנזייטי־קער אונטעררינכט, פרייע שול פון פאָבלעט, רעפובליקאנער ברודערשאפט, קאָלעקטיווע שול פון סאן מארטין, רעפובליקאנער אטענעום פון פוערטא פיאָ | 9 | ״ |
| אסנאלקאָללאר | ארבעטער בילדונגס־קרייז | 1 | ״ |

בס״ה 32 שולן

XV

# קינדערשע נאַיוויטעט

אין באַלעטין פונם 30־סטן סעפּטעמבער 1903 י. זיינען אריינגעגעבן געוואָרן די שילער־אַרבעטן פון די פאַרשידענע אָפּטיילונגען פון דער מאָדערנער שול, וועלכע זיינען פאַרגעלייענט געוואָרן ביי דער שליסונג פונם צווייטן שול־יאָר.

מען דאַרף האָבן אין זינען, אַז די דאָזיקע שריפטן, אין וועלכע די יונגע מחברים זיינען געצוואונגען געווען צו זוכן און געפינען אַנצוואַווענדן זייער אַרויפקומענדיקן קריטעריום, איז בולט די גייסטיקע אָנשטרענגונג. אויפן ערשטן פּלאַן איז אין די אַרבעטן געגאַנגען די נישט געוואוינטע, נאַיווע רעזאָנירונג, וואָס האָט זיך אינספּירירט אויפן גערעכטיקייטס־געפיל, איבער דאָס אָנווענדן די כללים פון גוטער פאָרם. אויב די מיינונגען דער־גרייכן נישט דער ראַציאָנאַלער שלמות, איז עס בלויז מחמת עס האָבן אויסגעפעלט דאַטן, און איבערן מאַנגל אין די נויטיקע ידיעות אויף אַרויס־צוברענגען אַ פולקומע רעזאָנירונג. פונקט דער היפוך פון דעם, וואָס קומט פאָר ביי די הערשנדיקע מיינונגען, וואָס האָבן נישט קיין אַנדער יסוד חוץ די פאָרורטיילן, וואָס שטאַמען פון טראַדיציעס, אינטערעסן און דאָגמעס.

למשל, אַ צוועלף־יעריק קינד פּאַסט אויף אַ קריטעריום, ווי צו אור־טיילן נאַציעס, מיט די פאָלגנדיקע ווערטער:

כדי אַ נאַציע אָדער אַ שטאַט זאָל זיך רעכענען פאַר ציוויליזירט, דאַרף דאָרטן נישט פאָרקומען דאָס פאָלגנדיקע:

מיר באַמערקן דאָ, אַז ציוויליזירט באַטייט ביים אוטאָר גערעכט, און דער עיקר, אַז נישט האָבנדיק קיין פאָרורטיילן, זעט ער

שלעכטס, וואס מען קאן אויסמיידן, און ער ווייזט דאָס אָן. ער מיינט, אז דאָס פארשווינדן פונם שלעכטס איז א תמציתדיקער תנאי אויף צו באקומען די גערעכטיקייט. דאס שלעכטס איז:

1. די עקזיסטענץ פון רייכע און אָרעמע, און, פאָלגלעך, די עקספלואַ־טאַציע.

2. דער מיליטאַריזם, א צעשטערונגס־מיטל, וואָס איין נאַציע באַנוצט קעגן דער אַנדערער, איבער דער שלעכטער איינאָרדענונג פון דער גע־זעלשאַפט.

3. די אומגלייכהייט, וואָס דערלויבט אייניקע צו רעגירן און באַפעלן און צווינגט אנדערע זיך צו דערנידעריקן און פאָלגן.

4. דאָס געלט, וואָס מאַכט אייניקע רייך און פאַרשקלאַפט די אָרעמע.

פארשטייט זיך, אז דערדאָזיקער קריטעריום איז פרימיטיוו און איינ־פאַך, ווי עס פאַסט פאר א נישט גענוג צוגעגרייטן שכל, און קאן נישט לייזן קיין קאמפּליצירטע סאציאלאגישע פראבלעם. דער קריטעריום האָט אָבער די מעלה, וואס ער לאזט פרייען איינטריט פאר אַלע ראציאָנאלע באאבאכ־טונגען, וואס קאָנען קומען: עס איז ווי מען וואלט געפרעגט דעם קינד:— וואס דארף דער קראנקער אויף צו ווערן געזונט? און ער וואלט געענטפערט —עס זאל אוועקגיין דער ווייטאָק. אזא נאַיוון און נאטירלעכן ענטפער וואלט אודאי נישט געקאנט געבן קיין קינד, וואס איז באאיינפלוסט פון דער ספּיריטואליסטישער מעטאַפיזיק, וועלכע דארף קודם־כל, זיך רעכענען מיט דעם ארביטראַרן ווילן פון כלומרשטע איבערנאַטירלעכע וועזנס.

פארשטענדלעך, אז אזא איינפאכער אופן אוועקצושטעלן א פּראבלעם פונם סאציאלן לעבן שליסט נישט אוים לגמרי קיין פארנינפטיקע לייזונג. דאס דערווייזט דיזעלביקע קאָמפּאָזיציע מיט אָט דעם שלום:

זאָל מען נישט מיינען, אַז דערפאַר, וואָס עס וועלן נישט זיין קיין רייכע, קיין מיליטער־לייט, קיין רעגירונגען און קיין געלט, וועלן זיך די מענטשן מוזן ארומשלאָגן און מיסברויכן די פרייהייט און דעם וואוילזיין. אדרבא, ווייל אַלע וועלן געניסן פון א הויכער מדרגה ציוווי־ליזאַציע, וועט הערשן די פריינטלעכקייט, אַלע וועלן זיין גוט־פריינט, און די וויסנשאַפט וועט אודאי פּראָגרעסירן פיל מער איבער דעם, וואָס עס וועלן נישט זיין קיין מלחמות און קיין פּאָליטישע שטערונגען.

א ניין־יעריק מיידעלע מאכט אָט די שכלדיקע באמערקונג, וועלכע

מיר נעמען ארוים פון דער פֿאַרשטענדלעכער אומפּינקטלעכקייט פון איר שפּראַך:

דעם פאַרברעכער פאַרמשפּט מען צום טויט: אויב אַ מאָרד דאַרף טאַקי אָט אַזוי באַשטראָפט ווערן, זיינען דאָך די, וואָס פאַרמשפּטן, און די, וואָס הרגענען דעם פאַרברעכער, אויך מערדער. לאָגיש וואָלטן זיי אויך געדאַרפט שטאַרבן, און אַזוי וואָלט זיך געענדיקט די מענטשהייט.

עס וואָלט בעסער געווען, אַנשטאָט צו באַשטראָפן דעם פאַרברעכער דורך באַגיין נאָך א פאַרברעכן, זאָל מען אים געבן גוטע עצות, אַז ער זאָל עס מער נישט טאָן. שוין נישט צו ריידן דערפון, אז אויב אלע וואָלטן מיר געווען גלייך, וואָלטן נישט געווען קיין גנבים און קיין מערדער און קיין רייכע און קיין אָרעמע, נאָר אלע גלייכע, וואָס וואָלטן ליב געהאַט די ארבעט און די פרייהייט.

די איינפאַכקייט, קלאַרקייט און שוואונג פון אָט דעם געדאנק דערלויבן ניט קיין שום קאָמענטאַרן. פאַרשטענדלעך, בכן, די התפעלות פונם עולם, בעת ער האָט עס געהערט ארויסזאָגן א צארטן און זייער שיינינקן מיידעלע, וואס, מער ווי א לעבעדיקע ווירקלעכקייט, האָט זי אויסגעזען, ווי א סימוואָלישע פאַרשטעלונג פונם אמת און פון דער גערעכטיקייט.

א צוועלף־יעריק יינגעלע רעדט ארום דער אויפריכטיקייט:

דער נישט אויפריכטיקער לעבט נישט רואיק: שטענדיק איז ער אין שרעק, מען זאָל אים נישט אויפדעקן; בעת דער אויפריכטיקער, אויב אפילו ער זאָל האָבן באַגאַנגען אַ פעלער, וועט באַרואיקן זיין געוויסן דורכן אויפריכטיקן מודה זיין זיך.

אויב מען הויבט אָן צו זאָגן ליגן פון קינדוויז אָן, וועט מען גרויסערהייט זאָגן גרויסע ליגנס, וועלכע קאָנען פאַרשאַפן גרויסע צרות.

פאַראַן פאַלן, ווען מען טאָר נישט זיין אויפריכטיק. למשל: א מענטש אַנטלויפט פון דער פּאָליציי און קומט אַריין אין אונדזער שטוב. אויב מען זאָל אונדז דערנאָך פרעגן, צי מיר האָבן געזען דעם מענטשן, דאַרפן מיר פאַרלייקענען. אז נישט — וואָלט עס געווען א פאַרראַט און פּחדנות.

עס איז טרויעריק, וואס א צארטער שכל, פאר וועלכן דער אמת איז אן אומשאצבאר גוטע זאך, „אָן וועלכער מען קאן נישט לעבן", איז צוליב די שווערע מיסברויכונגען מצד דער אויטאָריטעט געקומען אויפן געדאנק, אז אין געוויסע פאלן איז דאס זאָגן ליגן א טוגנט.

א דרייצן־יעריק מיידעלע באהאנדלט דעם פאנאטיזם, און נאָכדעם ווי

זי באַטראַכט עס פאַר אַ כאַראַקטעריסטישער צרה פון אַ צוריקגעשטאַנענעם לאַנד, זוכט זי און געפינט די סיבה:

דער פאַנאַטיזם קומט אַרויס פונם אומוויסנדיקן און צוריקגעשטאַנענעם מצב, אין וועלכן עס געפינט זיך די פרוי. דעריבער ווילן די קאַטאָליקן, אַז די פרוי זאָל זיך נישט לערנען, היות די פרוי איז זייער וויכטיקסטער אָנהאַלט.

דאָס איז אַ טיפע באַאָבאַכטונג, וואָס זוכט די סיבה פונם פאַנאַטיזם און געפינט אויס די סיבה פון דער סיבה, דענקענדיק, אַז אויב דאָס אומוויסן ברענגט אַרויס דעם פאַנאַטיזם, פאַרטייביקט דער פרויס אומוויסן די אַלגעמיינע עם־הארצות.

אַנטקעגן אָט דעם געפערלעכן שאָדן ווייזט אָן אַן אַנדער דרייצן־יעריק מיידעלע אַ טרעפלעכן מיטל מיט דעמדאָזיקן געדאַנק, וואָס מיר גיבן איבער אינגאַנצן:

## די געמישטע שול

די געמישטע שול, אָדער די שול פאַר בײדע געשלעכטן, איז זײער נויטיק. דאָס ייִנגל, וואָס ווערט דערצויגן, אַרבעט און שפּילט זיך צוזאַמען מיטן מיידעלע, לערנט זיך אומבאַוואוסט אויס צו רעספּעקטירן זי און צו העלפן איר. דאָס קעגנזייטיקע קומט פאַר מיטן מיידעלע. בעת ווען זיי ווערן דערצויגן באַזונדער און מען לערנט דעם ייִנגל אַז די מיידלשע חברשאַפט איז שעדלעך, און דעם מיידל, אַז דעם ייִנגלס חברשאַפט איז נאָך ערגער, מוז פּאַסירן, אַז דאָס ייִנגל וועט גרויסערהייט נישט אַכטן די פרוי און זי האַלטן פאַר אַ שפּילצייג אָדער פאַר אַ שקלאַפין, וואָס אָט דאָס איז טאַקי איצט די פרוי. לאָמיר, בכן, אַלע מיטווירקן, מען זאָל גרינדן געמישטע שולן וואו נאָר מעגלעך, און, וואו דאָס איז נישט מעגלעך, לאָמיר זיך באַמיען בייקומען אַלע שוועריקייטן.

צו אַזאַ גוט באַדענקטן און קאָנדענסירטן געדאַנק האָבן מיר גאָרנישט וואָס צוצוגעבן. מיר האַלטן נאָר פאַר נויטיק אָנצואווייזן אויף דער אויפֿרעגונג, מיט וועלכער עס ענדיקט איר אַרבעט אָט די דרייצן־יעריקע דענקערין.

אַ צוועלף־יעריק ייִנגעלע האַלט, אַז די שול איז ראוי דעם גרעסטן דרך־ארץ, מחמת אין איר לערנט מען זיך אויס לייענען, שרייבן און דענ־

קען, און זי דינט פאר א יסוד דער מאראליטעט און דער וויסנשאפט, און ער גיט צו:

ווען ניט די שול, וואָלטן מיר געלעבט אין וואַלד, וואָלטן מיר ארומגעגאנגען נאַקעטע, וואָלטן מיר געגעסן גראָזן און רויען פלייש, און מיר וואָלטן זיך באַהאַלטן אין היילן און אויף בוימער; דאָס הייסט, מיר וואָלטן געפירט א חיהשן לעבן.

מיט דער צייט, און ווי א פועל־יוצא פון דער שול, וועט די גאַנצע וועלט זיין קליגער, און עס וועלן ניט פאָרקומען קיין מלחמות, און עס וועלן ניט זיין קיין אונטערגעצונדענע ישובים, און די מענטשן וועלן זיך דערמאָנען מיט שרעק אָן דעם קריגער, באַטראַכטנדיק, אז ער איז דער שליח פונם טויט און פונם חורבן.

עס איז אן אומגליק, — וועלכן מען וואָלט געדאַרפט אויסמיידן, — וואָס עס זיינען פאַראַן קינדער, וועלכע שפּילן זיך אויף די גאַסן אין גייען ניט אין שול, און ווען זיי ווערן גרויס, זיינען זיי זייער אומגליקלעך.

לאָמיר בכן, דאַנקען אונדזערע לערער, וואָס זיי האָבן געדולד אונדז צו לערנען, און לאָמיר קוקן אויף דער שול מיט דרך־ארץ.

א ריכטיקע רעזאָנירונג און א גוט אָנגעווענדט געפיל, וואס ווייזן אָן אויף א גלייכגעוויכטיק פסיכישן צושטאנד. אויב אָט דאס קינד וועט אויפהיטן און אנטוויקלען די פעאיקייטן, וועלכע ער ווייזט ארויס, וועט ער ריכטיק הארמאנירן דעם עגאָיזם און דעם אלטרואיזם לטובת זיך און דער געזעלשאפט.

אן עלף־יעריק מיידעלע באדויערט, וואס די פעלקער צעשטערן זיך קעגנזייטיק אין מלחמות. זי באדויערט אויך, וואס עס איז פאראן אן אונטערשיד פון געזעלשאפטלעכע קלאסן, און וואס די רייכע צווינגען די ארעמע צו ארבעט און נויט, און ענדיקט:

פארוואָס זאָלן די מענטשן, אנשטאט צו הרגענען זיך אויף די מלחמות און האסן זיך צוליב די קלאַסן־אונטערשידן, בעסער ניט אָפּגעבן זיך פריידיק מיט דער ארבעט און מיט אנטדעקן זאכן לטובת דער מענטשהייט? די מענטשן דארפן זיך פארזיכערן און ליב האָבן זיך, כדי צו לעבן ברידערלעך.

אָט האָט איר א קינדערשן פארוואורף, וואס וואלט געמעגט פארשעמען די אלע, וואס ווילן ניט אויפהערן אָנצוהאלטן די סיבות פון יענעם שאָדן,

וואס רופט זיך אזוי ווייטיקלעך אָפּ אינם צאַרטן הארצן פון יענעם מיידעלע.

א צען־יעריק ייִנגעלע רעדט וועגן דער שול און דעם שילער אין א במעט קאָרעקטער קאמפאזיציע, וואס מיר וואלטן געמעגט אָפּדרוקן אינ־גאנצן. מיר טוען עס נישט, כדי דידאַקטיקע ארבעט זאל נישט ארויסקומען צו גרויס, און ווייל דידאַקטיקע קאמפאזיציע טרעפט זיך צוזאמען מיט שוין איבערגעגעבענע שילער־געדאנקען. ער זאגט:

פארזאמלט אונטער איין דאַך. מיט באַגער אויסצולערנען זיך, וואָס מיר ווייסן נישט, אָן קלאַסן־אונטערשידן, זיינען מיר ברידער, וועלכע ווערן געפירט פון איין ענד־ציל... דער אומוויסנדיקער איז א נול; זייער ווייניק קאָן מען פון אים דערוואַרטן, און אפשר גאָרנישט. זאָל דאָס זיין א סטימול פאר אונדז, און לאָמיר נישט פארלירן קיין צייט, אדרבא, לאָמיר אויסנוצן די שעהן, און אין א טאָג וועלן מיר קריגן די פארדינטע באַ־לוינונג... לאָמיר קיינמאָל נישט פארגעסן די פרוכט פון א גוטער שול, און ערנדיק אונדזערע לערער, די פאמיליע און די געזעלשאַפט, וועלן מיר לעבן צופרידן.

פראַכטפולע באטראכטקייט, וואס ביי די צען יאר הארמאנירט זי מיט דער קינדערשער פריידיקייט.

א צען־יעריק מיידעלע פילאָזאָפירט וועגן די פעלערן פונם מענטש־לעכן מין, וואס נאָך איר מיינונג נאָך קאָן מען אויסמיידן מיט בילדונג און ווילן. זי זאָגט:

צווישן די פעלערן פונם מענטשלעכן מין זיינען פאראן דאָס ליגן זאָגן, דאָס צביעות און דער עגאיזם. אויב די מענטשן וואָלטן געווען גע־בילדעטער, און, דער עיקר, די פרויען אינגאַנצן גלייך מיטן מאַן, וואָלטן אָט די פעלערן פארשווינדן. די עלטערן וואָלטן נישט געלערנט זייערע קינ־דער אין רעליגיעזע שולן, וועלכע פלאַנצן איין פאַלשע באַגריפן, נאָר זיי וואָלטן זיי געפירט אין די ראציאָנאַלע שולן, וואו מען לערנט נישט וועגן איבערנאַטירלעכע זאכן, וועגן דעם, וואָס איז נישט בנמצא. מען וואָלט זיי אויך נישט געלערנט מלחמה צו האלטן, נאָר צו לעבן אין אחדות און דורכפירן צוזאמען די ארבעט.

דורך אַן אָנהויב קריטיק פון דער געזעלשאַפט לייכט זיך דורך אין דעמדאָזיקן געדאנק דער אידעאַל, וואס איז דער וועגווייזער פונם מענטש־לעכן פּראָגרעס.

מיר װעלן פֿאָרענדיקן דידאָזיקע זאַמלונג מיטן פֿאָלגנדיקן שריפֿט פֿון א זעכצן־יעריקער פּרײלין. צוליב דער קאָרעקטקײט און אינהאַלט, מעגן מיר דידאָזיקע אַרבעט איבערדרוקן אינגאַנצן, גאָרנישט אויסמעקנדיק:

## די איצטיקע געזעלשאַפֿט

סאַראַ אומגליקלעכקײט עס איז פֿאַראַן אין דערדאָזיקער געזעלשאַפֿט! אײניקע אַרבעטן פֿון פֿרימאָרגן ביז נאַכט, אָפֿרועענדיק נישט מער װיפֿיל עס איז נויטיק אויף צו עסן זײערע פֿעלערהאַפֿטע שפּײַזן. די אַנדערע באַקומען דעם פּראָדוקט פֿון די אַרבעטער אויף צו װײלן זיך אין אײבערפֿלוס.

און פֿאַרװאָס מוז דאָס אַזוי זײַן? זײַנען מיר נישט אַלע גלײַך? אָן ספֿק זײַנען מיר עס, הגם די געזעלשאַפֿט אנערקענט עס נישט, הײַות אײניקע זעען אויס, װי געבאָרן צו אַרבעטן און לײַדן, און די אַנדערע צו לײַדיק גײן און געניסן. װען אַן אַרבעטער רעבעלירט קעגן דער עקספּלואַטאַציע, צו װעלכער מען צװינגט אים, פֿאַראַכט מען אים און מען באַשטראָפֿט אים אַכזריותדיק, בעת די אַנדערע פֿאַרטראָגן רעזיגנירט די אומגליקלעכקײט.

דער אַרבעטער דאַרף זיך לערנען, און צו דעם דאַרף מען גרינדן אומזיסטיקע שולן, װאָס זאָלן אויסגעהאַלטן װערן מיט דעםדאָזיקן געלט, װאָס די רײַכע פּטרן אין נײַװעץ.

אויף דעם אופֿן װעט מען פּועלן, אַז דער אַרבעטער זאָל װאָס װײַטער אַלץ מער פּראָגרעסירן, ביז ער װעט דערגרײכן באַטראַכט צו װערן, װי ער איז װערט, װאָרום סוף כל סוף איז ער דאָך יענער, װאָס פֿירט דורך די נוציקסטע ראָל אין דער געזעלשאַפֿט.

װאָס פֿאַר א ראַציאָנאַלן װערט אָט די געדאַנקען זאָלן נישט האָבן, קאָן מען קלאָר אַרױסזען פֿון דערדאָזיקער זאַמלונג צו װאָס די מאָדערנע שול האָט געשטרעבט, װי צו א הויפּט־ציל; און דאָס איז, אַז דעם שילערס שכל זאָל, אונטערן אײַנפֿלוס פֿון דעם, װאָס ער זעט, און באַװאָפֿנט מיט די פּאָזיטיװע ידיעות, װאָס ער האָלט אין באַקומען, דענקען פֿרײַ, אָן פֿאָרורטײלן און אָן קײן שום סעקטאַנטישע יאָכן; אַז דער שילער זאָל דענקען פֿולקום אומאָפּהענגיק און אָן קײן שום שטערונגען, חוץ דער פֿאַרנונפֿטיקײט, װאָס זי איז גלײַך פֿאַר אַלעמען און באַקומט אויף לעצט איר סאַנקציע, װען זי דערגײט צום אמת, דורכן פֿראַכטפֿולן גלאַנץ

פון דער באשיינפערלעכקייט, אנטקעגן וועלכער עס פארשווינדט דער חושך פונם סאפיזם און פונם דאגמאטישן צוואנג.

דער באן־ארבעטער־קאנגרעס, וועלכער איז פארגעקומען אין בארסע־לאנא אין דעצעמבער 1903 י., האט מודיע געווען, אז אין זיין פראגראם פיגורירט אויך א באזוך אין דער מאדערנער שול.

דער געדאנק איז אויפגענומען געווארן מיט גרויס שמחה מצד אלע שילער. כדי ארויסצוקריגן דערפון א נוצן, האט מען איינגעלאדן די שילער, זיי זאלן אנשרייבן, ווען זיי וועלן זיך פילן אין אינספיראציע, א צום אומ־שטאנד פאסיקן געדאנק. די מחברים וועלן פארלייענען זייערע געדאנקען, ווען דער באזוך וועט פארקומען.

צוליב סיבות, וועלכע מען האט נישט געקאנט פארויסזען, איז דער באזוך נישט געמאכט געווארן. אזוי ווי אבער עס האט זיך צונויפגעזאמלט א פראכטפולער בוקעט קינדערשע געדאנקען, וואס אטעמט מיטן דעליקאטן פארפיום פון דער אויפריכטיקייט פון פארורטייל־פרייע מיינונגען, און איז דערצו באפוצט מיטן חן פון דער אינטואיטיווער תמימות, האבן מיר די נעהאנקען פארעפנטלעכט אין בולעטין.

מען דארף באמערקן, אז מען איז ארויס פון דער געצוואונגענער טעמע צו באגריסן די ארבעטער דעלעגאטן, וועלכע האבן זיך פארזאמלט אויף צו באהאנדלען, ווי אזוי צו פארבעסערן זייערע ארבעטס־און לעבנס־תנאים. און הגם עס איז אפילו נישט געווען קיין אנהויב פון קיין סוגעסטיע, און די שילער האבן זיך פריער צווישן זיך נישט בעראטן, האבן זיי ארויסגעוויזן א וואונדערבארע איינשטימיקייט אין זייערע דערקלערונגען, אזוי ווי זיי וואלטן זיך אינספירירט אין איין און איינציקן קריטעריום. די באגריסונגען האבן זיך נאר עטוואס, נישט פיל, אונטערגעשיידט אין דער ארגומענטא־ציע, און דעריבער האבן מיר געמאכט עקסטראקטן פון זייערע שריפטן, ארויסווארפנדיק בלויז דאס נויטיקע אויף אויסצומיידן איבערחזרונגען, הגם מיר האבן איבערגעלאזן די תמימות און כמעט תמיד אויך די נישט קא־רעקטקייט פונם אריגינאל.

א נײַן יעריק מײדעלע האָט געשריבן:

איך באַגריס אײַך, ליבע אַרבעטער, צוליב דער אַרבעט, וואָס איר טוט לטובת דער געזעלשאַפֿט.

אײַך און אַלע אַרבעטער דאַרף מען דאַנקען פֿאַר דער אַרבעט, מיט וועלכער מען מאַכט אַלדאָס נייטיקע פֿאַרן לעבן, און נישט די רייכע, וואָס צאָלן אײַך אַ קלײנלעכן לוין, אי דאָס צאָלן זיי עס נישט, כּדי איר זאָלט לעבן, נאָר ווײַל, אויב איר וואָלט נישט אַרבעטן, וואָלטן זיי גופֿא געמוזט אַרבעטן.

א נײַן־יעריק ײנגל זאָגט, נאָך אַ צערטלעכער באַגריסונג:

די ערד דאַרף געהערן צו די אַרבעטער, פּונקט ווי צו די אַנדערע. די נאַטור האָט נישט באַשאַפֿן קיין מענטשן, אַז זיי זאָלן פֿאַרכאַפּן אַלץ. מען וואָלט באַדאַרפֿט קולטיווירן די ערד אויף אַן אַנדער אופֿן, ווי אַז דער, וואָס אַרבעט, זאָל עקספּלואַטירט ווערן, און אַן אַנדערער זאָל עסן די פּרוכט. דער אַרבעטער וואוינט אין אַ קלײנער און פֿינצטערער שטוב, עסט ווייניק און שלעכט און פֿאַרט נישט אין קיין קאַרעטן, ווי דער בורזשוי. ווען דער אַרבעטער וואָלט ווערן, וואָלט אַלץ געווען זײַנע: אַז נישט, זאָל מען איבערצײלן די אַרבעטער און בורזשויען, — וועלכע זײַנען מער? בכן, אויב אַרבעטער איז פֿאַראַן מער, וואָלטן זיי שנעל, אָדער בעסער געזאָגט, תּיכּף אויסגעפֿירט זייער פֿאַרלאַנג.

דידאַקטישע נײַן־יעריקע קינדער, אין זייער תּמימותדיקן אויסברוך פֿון געדאַנק, דערווײַזן, אַז זיי וואָלטן געקאָנט לערנען אַ סך אַפּגעבלאַקעוועטע עקאָנאָמיסטן, וועלכע אינספּירירן זייער פֿאַרשטאַנד אינעם דרך ארץ צום עקזיסטירנדיקן, בלויז ווײַל עס עקזיסטירט, און פֿאַרטראַכטן זיך נישט, צי עס איז פֿאַרנינפֿטיק און גערעכט, אַז אַזוי זאָל זײַן.

אַן עלף־יעריק מײדעלע:

עס וועט קומען אַ טאָג, ווען די אַרבעט וועט פֿאַרטײלט ווערן, ווען עס וועט הערשן די פֿאַרנונפֿט, עס ווען איבערוועלטיקן די וויסנשאַפֿט, און עס וועלן פֿאַרשוואונדן ווערן די געזעלשאַפֿטלעכע קלאַסן... דעם מענטשנס חוב איז צו טאָן אַזוי פֿיל גוטס, ווי מעגלעך, מעג עס זײַן דורך פֿיזישע אָדער דורך גײַסטיקע מיטלען. מיט דעם געווינט ער, און דער, וואָס טוט דעם היפּוך, איז אוממענטשלעך... די בילדונג איז דער יסוד פֿון דער מענטשהייט און די באַפֿרײַערין פֿונם מענטשן, וואָרום זי וועט אים צוריקקערן אַלע רעכטן.

אַן עלף־יעריק ייִנגעלע:

זייט געגריסט, פאַרטרעטער פון דער אַרבעט!.. איר, באַן־אַרבעטער, פירט אָן מעכטיקע מאַשינען, אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען אומשעדלעכע היתלעך. דידאָזיקע מאַשינען, וואָס זיינען אַ פּראָדוקט פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע, וואָלטן געדאַרפט געהערן צו דער מענטשהייט. זיינען זיי אָבער דאָס אייגנטום פון עטלעכע מאַגנאַטן, ווען זיי האָבן גאָרנישט געקאָסט, מחמת זיי האָבן אַרייַנגעקראַגן די מאַשינען דורך עקספּלואַטירן די אַרבעטער... בעת איר ליידט פון דער זון, פונם רעגן און שניי, דערפילנדיק אייער אַרבעט, ציען זיך די צופרידענע בורזשויען אויס אין די שלאָף וואַגאָנען און קרעכצן, וואָס די באַן גייט צו ווייניק שנעל.

אַן עלף־יעריק מיידעלע:

איך באַגריס אייך, וואָס איר גיט זיך אָפּ מיט די באַן־אַרבעטן, כדי די אינדוסטריעס זאָלן פּראָגרעסירן, און עס זאָלן זיין באַנען אויף איבער צופירן פּאַסאַזשירן, פּראָדוקטן און אַ סך זאַכן פון איין שטאָט אין דער אַנדערער. די, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט אָט די זאַכן און מיט אַנטדעקונגען, טוען גוטס דער מענטשהייט. און פונדעסטוועגן זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האַלטן מער פון אַ גענעראַל, וואָס האָט געוואונען אַ שלאַכט.

אַן עלף־יעריק ייִנגעלע:

דער אַרבעטער, וואָס וואָלט געדאַרפט זיין דער וועלטס פאַרגעטערונג, איז דער פאַראַכטסטער אין אונדזער געזעלשאַפט. ער פאַרשאַפט אונדז קליידונג, וואוינונגען און מעבל; ער פיטערט די פי, וואָס שטעלן אונדז צו וואָל און פלייש; מיט באַנען און שיפן פירט ער אונדז פון איין אָרט צום אַנדערן, און ער טוט אונדז נאָך אַ סך נוציקע זאַכן. אים זיינען מיר שולדיק פאַר אונדזער לעבן.

אַן עלף־יעריק ייִנגעלע זאָגט, צווישן אַנדערע שוין אויסגעדריקטע געדאַנקען:

די פּאַראַזיטן, וואָס פאַרברויכן און פּראָדוצירן נישט און טראַכטן תמיד פון עקספּלואַטירן יענעם, פאַראַכטן דעם אַרבעטער, וואָס פאַרדינט אַ זייער קליינעם לוין, וואָס אַרבעט טעגלעך אַ סך שעהן און קאָן כמעט נישט אויסהאַלטן זיין פאַמיליע. ווען די געזעלשאַפט וואָלט געווען אַנדערש איינגעאָרדנט, וואָלט קיינער נישט געשטאָרבן פאַר צרות, בעת די רייכע לעבן אַ גוטן טאָג.

אין דערדאָזיקער גרופּע עלף־יעריקע אינטעליגענטן קאָן מען געפינען עלעמענטן אויף צו אַנטוויקלען אַ סאָציאָלאָגישן טראַקטאַט. מען געפינט דאָ

דאָס וויכטיקסטע: עקספּאָז פון פאַקטן, די פאַלגנדיקע קריטיק און פאַר־וואורפן און ענדיקנדיק מיט א שיינער און איינפאַכער באַשטעטיקונג פונם אידעאַל.

א צוועלף־יעריק יינגעלע:

ווער זיינען די, וואָס געניסן פון דעם ארבעטערס מי? די רייכע. צו וואָס טויגן די רייכע? דידאַזיקע מענטשן זיינען אומפּראָדוקטיווע, צוליב וואָס מען קאָן זיי פאַרגלייכן מיט די בינען. נישט מער, וואָס די בינען זיינען קליגער, ווארום זיי הרגענען די פּאַ־ראַזיטן.

א צוועלף יעריק מיידעלע:

דער ארבעטער איז א שקלאַף ביים בורזשוי... בעת די רייכע פאַר־ברענגען אין פּאַרקן און שפּאַציר־פּלעצער, זיינען פאַראַן ארבעטער, וואָס די קינדער בעטן ביי זיי ברויט, און זיי האָבן נישט צו געבן זיי. פאַרוואָס קומט אזוי פאַר? ווארום די רייכע פאַרכאַפּן אלץ.

א צוועלף־יעריק יינגעלע:

דער ארבעטער דאַרף, חוץ ארבעטן, נאָך גיין אויף דער מלחמה, וואָס דאָס איז א גרויסער אומגליק. און פאַר דער צייט, וואָס ער איז אין קריג, בלייבן זיינע עלטערן איבער אָן זיין שטיצע. עס קאָן פּאַסירן, ער זאָל זיך צוריקקערן אן אינוואַליד און נישט טויגן צו קיין אַרבעט. דעם טאָג, ווען די געזעלשאַפט וועט אומגעביטן ווערן אַזוי, אַז יעדן איינעם, וואָס דערפילט זיינע געזעלשאַפטלעכע פליכטן, זאָל פאַרזיכערט ווערן די באַפרידיקונג פון זיינע נויטן, וועלן נישט זיין קיין רייכע און קיין אָרעמע, און אלע וועלן זיין גליקלעך.

א צוועלף־יעריק מיידעלע:

אַרבעטער, וואָס מיט אייער ארבעט פאַרקירצט איר די שטרעקעס דורך די אייזנבאַנען, און וואָס וועט אפשר אמאָל קאָנען מאַכן פאַרשווינדן די גרעניצן, וועלכע טיילן אָפּ איין נאַציע פון דער אַנדערער, זייט גע־גריסט, ווארום מיט די באַנען קאָן ווערן א גרויסע אינדוסטריע און א סך פּראָגרעס און עס קאָנען אויך מיטטיילן זייערע געדאַנקען די אָפּגעפאָרענע ביז די ווייטסטע לענדער.

א צוועלף־יעריק יינגעלע:

די שלעכטע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג פירט דורך צווישן די מענטשן אן אומגערעכטע צעטיילונג, ווארום עס זיינען פאַראַן צוויי קלאַסן מענ־טשן: די, וואָס ארבעטן, און די, וואָס ארבעטן נישט... בעת א שטרייק, זעט מען מער נישט, ווי פּאָליציי ביי די טויערן פון די פאַבריקן גרייט צו באַ־

נוצן זייערע ביקסן. וואָלט דען נישט בעסער געווען, אַז, אַנשטאָט צו פאַרנעמען זיך מיט אָט דעם, זאָלן זיי זיך אָפּגעבן מיט אַ נוציקער מלאכה?

### אַ צוועלף־יעריק מיידעלע:

כדי דער ארבעטער זאָל ווערן רעספּעקטירט, ווי איטלעכער מענטש דאַרף עס זיין, און מען זאָל אים אנערקענען זיינע רעכטן, נישט באַליי־דיקן אים און נישט פאַראַכטן, דאַרף ער זיך בילדן.

### אַ צוועלף־יעריק יינגעלע:

די קינדער פון די בורזשויען און פון די ארבעטער — זיינען דען נישט אַלע פון פלייש און ביין? איז פאַר וואָס מוזן זיי אין דער געזעל־שאַפט זיך אונטערשיידן איינער פון דעם אַנדערן?

בעת אין אָט דער גרופּע פעלט נישט, וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן דער פריערדיקער, איז דאָ נאָך פאַראַן אַ געוויסער, זייער ענערגישער שטריך און טיפערער געפיל. עס צייכנט זיך ארויס אַ געדאַנק, אין וועלכן עס איז פאַראַן טיפקייט, אמת און אַ קאָרעקטע און פּראַקטיקע קאָנציזקייט.

### אַ דרייצן־יעריק מיידעלע:

די עקספּלואַטאַציע פונם מענטשן דורכן מענטש איז אַן אומברחמנות־דיקע, אוממענטשלעכע און אכזריותדיקע... עס וועט מוזן קומען אַ טאָג, ווען די ארבעטער וועלן זיך פאַרייניקן אויף צו פאָדערן פון דער בור־זשואַזיע, אַז זי זאָל אויף אייביק אויפגעבן די דאָזיקע העסלעכע עקס־פּלואַטאַציע.

### אַ פערצן־יעריק מיידעלע:

דער חוב פון איטלעכן מענטשן איז צו זוכן און צו אַנטדעקן, וואָס עס קאָן נאָר ברענגען נוצן פאַר אים און פאַר זיינע מיטמענטשן, ווען ער דאַרף העלפן, וויפיל זיינע מעגלעכקייטן דערלויבן נאָר, און טרייסטן אין זייער צער. דער, וואָס האַנדלט נישט אַזוי, איז נישט ווערט דעם נאָ־מען מענטש. די סאָלידאַריטעט, ברידערלעכקייט און גלייכהייט זיינען די העכסטע שטרעבונגען פון דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט.

### אַ זיבעצן־יעריק מיידל:

איך גרים און באַגריס די באַן־ארבעטער, אַלס פאָרטרעטער פון דער ארבעט און אַלס ליבהאָבער פון דער גלייכהייט, זאַכן וואָס שטימען שלעכט מיט דער דאָזיקער עגאָיסטישער, היפּאָקריטישער און פוסטער געזעלשאַפט. איך ווינטש, אַז די אַרבעט, וואָס איז האָט אונטערגענומען אויף אייער קאָנגרעס, זאָל האָבן פולן דערפאָלג, און אַז איר זאָלט פועלן אַ קירצערן

ארבעטס־טאָג מיט א גרעסערן לוין, וואָס איר דאַרפט אזוי האָבן פאר אייערע באַדערפעניש און אויף צו קאָנען זיך בילדן.

אין דעם אופן, ווי די, אין דער מ אָ ד ע ר נ ע ר ש ו ל דערצויגענע, יונגע איטעלעקטן האבן געענטפערט אויף דער אָנרעגונג, זיי זאָלן זיך ארויסזאגן פריי וועגן דער פארטרעטערשאפט פון איינער פון די וויכטיקסטע ארבעטס־צווייגן, דארף מען נישט זען מער, ווי א באווייז פון פאָזיטיוון וויסן. נאָך ווייניקער דארף מען דארטן זוכן אן אריענטאציע צו א געוויסער ריכטונג, נאָר די זשעניאַלע ספאנטאניטעט, מיט וועלכע די שילער האבן ארויסגעוויזן זייער אייגענעם אופן פון פילן, פרייע פון פאָרורטיילן און קאנווענציאָנאַליזמען.

דער ראציאנאליסטישער אונטעררריכט האָט פראגרעסירט. אָט האָט איר א שיינעם אויסדרוק פון דעמראָזיקן פראגרעס, אנטנומען פון ב אָ ל ע ט י ן:

## שול-ברידערלעכקייט

די שילער פונם עלעמענטארן גראד פון דעם באַדאלאָנער ארבעטער־אטענעום האבן צוגעשיקט צו די תלמידים פון דער מ אָ ד ע ר נ ע ר ש ו ל אָט דעם בריוו:

פאר די קינדער פון דער מ אָ ד ע ר נ ע ר ש ו ל, בארסעלאָנאַ.

ליבע חברים! היות מיר ווילן זיך פארבינדן מיט קינדער פון אנדערע שולן אויף צו שליסן פריינטשאַפטן און זיך קעגנזייטיק לערנען, ווענדן מיר זיך צו אייך אויף אנצוהויבן אונדזערע פלענער.

נישט לאַנג האָבן מיר אָנגעהויבן צו לייענען נ א נ א ס א וו אַ נ ־ ט י ו ר ן, וואָס געפעלן אונדז זייער שטארק, און אזוי ווי אונדזער לערער האָט אונדז געזאָגט, אז איר לייענט שוין דאָס בוך פון לאַנג, ווילן מיר, אז איר זאָלט אונדז אָנווייזן עפּעס פון דעם, וואָס איר האָט ארויסגענומען פונם לייענען.

מיר נוצן אויס די געלעגנהייט אויף אָנצובאָטן זיך פאר גוטע פריינט אייערע, און ווייסט, אז מיר ווילן אייך קאָנען, און אז אונדזער לערער האָט אונדז צוגעזאָגט צו פירן אין בארסעלאנא אויף צו באַטראַכטן די זאָאָלאָגישע קאָלעקציע אין פּארק: דאָרטן וועלן מיר זיך קאָנען זען. מיר וועלן אייך שוין צוזאַמען שרייבן.

נעמט צו פון אייערע גוטע פריינט, וואָס קוקן ארוים אויף אייערע ענטפערס, א סך אומארמונגען פאר אלעמען.

עס ווינטשן אייך געזונט און ליבע די קינדער פונם עלעמענטארן גראד פונם באדאלאָנער ארבעטער־אַטענעום.

אין זייער נאָמען

פראנסיסקאָ ראָדריגעס

באדאלאָנא, דעם 16־טן פעברואר 1904 י.

די פארלעזונג פון דעמדאָזיקן בריוו דורך דעם באדאלאנער לערער האָט געמאכט א שטארקן איינדרוק אויף אונדזערע שילער. אלע, פון די קלענסטע ביז די גרעסטע, האבן געפילט א טיפע סימפאטיע צו יענע קינדער, וואס האבן זיי אָנגעבאָטן ברידערלעכקייט, און האבן שוין געוואלט דערלעבן דעם מאָמענט ארויסצואווייזן עס אין דער פראקטיק.

ווען די לערער האבן זיי איינגעלאדן צו ענטפערן אויף דער גרויסאר־טיקער איניציאטיוו פון די באדאלאנער קינדער, ווי עס פאסט פאר אזעלכע מענטשלעך שיינע געדאנקען און געפילן, האָט איטלעכער גענומען זיין פע־דער און אלע האָבן אָנגעשריבן אן ענטפער.

אויף צו מאכן א קאָלעקטיוון בריוו, וואס זאל שאפן א בשותפותדיקן ענטפער פון די וויכטיקסטע עלעמענטן פון יעדן יחיד, ווי דאס מוז פארקומען אין יעדן קאָמוניסטיש־מענטשלעכן אקט, אין וועלכן, פונקט ווי אין אריפ־מעטיק, איז יעדע קוואנטיטעט דער סכום פון אלע איינסן, וואס גייען אין איר אריין; מיר האבן 56 בריוו: 16 בריוו פון מיידלעך און 11 פון יינגלעך פונם עלעמענטארן גראד, און 10 פון מיידלעך און 19 פון יינגלעך פונם העכערן גראד: די שמחה, מיט וועלכער עס ווערט אויפגענומען דער ליבעס־גרוס און דער געדאנק צו באקאנען זיך אין א שפאציר־טאָג, איז אן איינ־שטימיקע. דער ענטפער וועגן דעם, וואס אונדזערע שילער האבן ארויסגע־נומען פון „נ א נ א ס א ו ו א נ ט י ו ר ע ס", איז אפשר נישט זייער קיין קאטעגאָרישער, ווארום דאס רוב באגנוגענען זיך מיט זאָגן, אז דאס בוך געפעלט זיי שטארק און רעכענען אוים די סצענעס, וואס זיינען זיי מער געפעלן; פאראן פונדעסטוועגן עטלעכע יינגלעך און מיידלעך, נישט אויס־שליסלעך די עלטערע, וואס פארטיפן זיך ביז צו שאפן טיילווייזע מיינונ־

גען וועגן דעם ווערק. איינער האָט אפילו ארויסגעבראכט אן אלגעמיינע מיינונג.

אינטערעסאנט איז אין דערדאָזיקער רעקאָפּיליאַציע פון ענטפערס, וואס עס זיינען נישט פאראן קיין ווידערשפרוכן. איטליכער שילער דריקט אויס זיין איינדרוק, און דער, וואס פארשטייט ווייניקער, פילט דאסזעלביקע, ווי דער, וואס פארשטייט מער, הגם ער קאָן עס נישט אויסדריקן. מען וואלט געקאנט פארשטעלן די געדאנקען דורך א שטייגנדיקער ליניע, וואס גייט אין איין ריכטונג. ווען עס באצייכנט די אידיליע אין א ו י ט אָ־ נ אָ מ י ע, און ווען עס פארדריסט די טיראניי און אומסאלידאריטעט אין א ר ג י ר אָ ק ר א ט י ע. איינער שטעלט זיך אָפּ אויף דער באַ־ שרייבונג פון נ אָ נ אָ ס היים, און אנדערן האָט פארכאַפּט די שיינקייט פון דער סאָלידארישער פירונג, וואס די קראָ דריקט מוסטערהאפט אויס מיט אָט די ווערטער: „נישט וויסנדיק, האָסטו דורכגעפירט אין דער פּראַקטיק דאָס גרויסע געזעץ פון דער אוניווערסאלער סאלידאריטעט, וואס וויל, אז אלע באשעפענישן זאלן זיך העלפן איינע די אנדערע". אלץ איז גענומען געווארן אין אכט, און פאר איטלעכער נאָטע איז פאראן איר אינטערפּרע־ טאַטאָר: די פרייהייט פון דער ארבעט, די געזעלשאפטלעכע גלייכהייט, די חסרונות און די רעזולטאטן פון די שלעכטע געוואוינהייטן און פון דער אָפּוועזנהייט פון קעגנזייטיקער אויפריכטיקייט, די פראקטיקע קאנזעקווענץ פונם אלגעמיינעם און הארמאָנישן גליק, דער הערויזם פון די סאלידארי־ שע, די אָנגענעמע עמפינדונג פון דער נאַטירלעכער שיינקייט און פון דער פּאָעזיע. אפילו דער קאָמישער שטריך איז געווארן פארצייכנט: עס האָט נישט אויסגעפעלט דער יעניקער, וואס אים איז געפעלן געווארן דער קלאַפּ, וואס נ אָ נ אָ האָט געגעבן אין מ א נ א ד י א ס נאָז.

מיט אָט די אלע עלעמענטן און מיט טעקסטועלע קוים קאָרעגירטע זאצן פונם רוב בריוו — נישט פון אלע אויף אויסצומיידן איבערחזורונגען — האָט מען צוזאמענגעשטעלט דעם פאלגנדיקן בריוו, וועלכן, אויב נישט אלע וואלטן געקאנט אונטערשרייבן איבער דער פאָרם, וואלטן זיי עס אָבער יאָ געקאנט טאָן צוליבן געדאנקלעכן און סענטימענטאלן אינהאלט.

פאר די קינדער פונם עלעמענטאַרן גראד פונם באדלאָנער ארבעטער־אַטענעום.

ליבע חברים:

פונקט ווי איר, וואָלטן מיר זיך אויך געוואָלט פארבינדן מיט גוט דערצויגענע קינדער אויף צו פראקטיצירן פריינטשאפט און סאָלידאריטעט.

מיר נעמען אָן מיט פרייד אייער פאָרשלאג, און מיר וואַרטן אומגעדולדיק אויפן מאָמענט צו באקאָנען זיך מיט אייך, שפילן זיך מיט אייך, זיך טיילן מיט אונדזערע ידיעות און ריידן פונם שיינעם בוך  נ אָ נ א ס  א ו ו א נ ט י ו ר ן, וואָס געפעלט אייך אזוי איצט, בעת איר הויבט אים אָן צו לייענען, און וואָס מיר, וועלכע האָבן אים שוין איבערגעלייענט, האָבן אזוי ליב.

טראכט, אז מיר דארפן אָנשטרענגען אונדזערע שכלס אויף צו ברענגען די געזעלשאפט נענטער צו יענע צילן, וואָס אונדזערע עלטערן האָבן געוואָלט און נישט געקאָנט דערפירן. צו דעם זיינען מיר בארופן.

סארא פראכטפול לאַנד  א ו י ט אָ נ אָ מ י ע  איז! דאָרטן לעבט זיך גוט, מען ארבעט, מען רוט און מען שפילט זיך, ווען מען וויל; דאָרטן טוט איטלעכער, וואָס ער וויל, ווי דאָס דאַרף אזוי זיין צווישן מענטשן; נישטאָ קיין געלט, נישט קיין פּאָליציי, נישט קיין סאָלדאַטן מיט קיין פּנימער פון שאקאַלן, נישט קיין רייכע, וואָס לעבן אין פאלאצן און שפּאַצירן אין קארעטן לעם אָרעמע, וואָס וואוינען אין שלעכטע דירות און שטאַרבן פאר הונגער נאָך א סך ארבעטן; נישטאָ קיין גנבים, ווייל אלץ איז אלעמענס, און איין מענטש עקספּלואַטירט נישט דעם אַנדערן. אין אזא מחיהדיק לאַנד וואָלטן מיר אלע געוואָלט לעבן. פון דעם־אַזיקן לאַנד חלומט  נ אָ נ אָ, הייגט איז דאָס אוממעגלעך, אָבער עס וועט קומען  א צייט, ווען דאָסדאָזיקע לאַנד וועט קאָנען עקזיסטירן. כדי אָט די צייט זאָל קומען וואָס שנעלער, דארפן מיר אלע ארבעטן דערפאר, ווארום  א ו י ט אָ נ אָ מ י ע  איז אביישפּיל פון דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט. מיר האָבן ארויסגענומען, אז אויף יענעם אופן וואָלט מען געדארפט לעבן, נישט אזוי, ווי מיר לעבן איצט, אזוי ווייט פון דער אמתער און פולשטענדיקער ציוויליזאציע.

א ר ג י ר אָ ק ר א ט י ע  איז אן איבערחזרונג דערפון, וואָס עס קומט פאָר אין דער היינטיקער געזעלשאפט. אַלע לענדער, ווער מער און ווער ווייניקער, מאַכן נאָך  א ר ג י ר אָ ק ר א ט י ע, דאָס פּאַטאַלע לאַנד, וואו מען עקספּלואַטירט מענטשן, וואו אייניקע ארבעטן און אַנדערע שפּאַצירן, וואו איינע באַדינען די אַנדערע און מען פארשפּאַרט אין

די תפיסות די, וואָס רײדן פונם גליקלעכן לעבן אין אויטאָנאָ־
מיע.

בקיצור: נאָנאָס אוונטיורן איז א בוך, וואָס לערנט, וועלכן מען דארף לײענען מיט אכטונג, און וואָס כמעט אינגאנצן מיינט ער ארויסצוברענגען, אז אין א לאנד, וואו אלע ארבעטן פאר אײנעם און אײנער פאַר אַלעמען; וואו עס איז נישטאָ קײן געלט און קײן גנבים, און קײנער צווינגט נישט ארויף די געזעצן, וואָס געפעלן אים; וואו עס איז נישט פאראן קײן געווער, און וואו מען שטיצט די וויסנ־שאַפט, און די קונסט געהערט, ווי עס דארף צו זײן, צו דער גאנצע־וועלט.

מיר ווארטן אויפן מאָמענט צו באַקאָנען זיך מיט אייך, און מיר חזרן איבער אייער געזעגענונגס־וואָרט:

געזונט און ליבע.

שילער און שילערינס פון דער
מאָדערנער שול

באַרסעלאָנאַ.



XVI

## דער „באָלעטין דע לאַ עסקועלאַ מאָדערנאַ"

די מאָדערנע שול האָט געדאַרפט און געהאַט איר אָרגאַן אין דער פּרעסע.

די פּאָליטישע אָדער די אינפאָרמאַטיווע פּרעסע פּלעגט, סיי ווען זי איז אונדז געווען גינסטיק, און סיי ווען זי האָט אָנגעהויבן צו טייטלען אויף אונדזער שול, ווי אויף אַ געפערלעכער אינסטיטוציע, קיינמאָל נישט האַלטן זיך באמת אומפּאַרטייאיש. די ליוב־געזאַנגען פּלעגן אָפט איבערגע־טריבן ווערן אָדער פאַלש אויסטייטשן, און די פאַרוואורפן פּלעגן טראָגן דעם כאַראַקטער פון רכילות. אנטקעגן אָט די שאָדנס איז נישט געווען קיין אַנדער מיטל, ווי די אויפריכטיקייט און קלאָרקייט פון אונדזערע דערקלע־רונגען, וואָרום ניט פאַרריכטן עס, וואָלט געבליבן אַ שטענדיקע אורזאַך צו פאַרלירן אונדזער פּרעסטיזש. דער באָלעטין דע לאַ עסקוע־לאַ מאָדערנאַ האָט זיין מיסיע פולשטענדיק דורכגעפירט.

די רעדאַקציע פלעגט אַריינשטעלן די פּראָגראַמען פון דער שול, אינ־טערעסאַנטע מיטטיילונגען וועגן דערזעלביקער, סטאַטיסטישע דאַטן, פּע־דאַגאָגישע שטודיומס פון די לערער, נייעס וועגן דעם פּראָגרעס פונם ראַ־ציאָנאַלן אונטערריכט אין לאַנד גופא און אין אויסלאַנד, איבערזעצונגען פון ווערטפולע אַרטיקלען אין אויסלענדישע צייטונגען און זשורנאַלן, וואָס זיי־נען געווען בהסכם מיט די גרונט־שטריכן פון אונדזער בלאַט, רעצענזיעס איבער די זונטיקדיקע לעקציעס און, ענדלעך, מודעות פון די עפנטלעכע קאָנקורסן אויף צו דערגאַנצן אונדזער לערער־פּערסאָנאַל און אַנאָנסן פון אונדזער ביבליאָטעק.

איינע פון די אפטיילונגען אין  ב אַ ל ע ט י ן,  וועלכע האָט געהאַט דעם גרעסטן דערפאָלג, איז געווען די, אין וועלכער מיר פלעגן פאַר־עפנטלעכן די געדאַנקען פון די שילער. מער ווי אַ באַווייז פון זייער פּעולה אין לערנען, צוליב וואָס מיר וואָלטן זיי קיינמאָל נישט געדרוקט, זיינען די געדאַנקען געווען אַ ספּאָנטאַנער אויסדרוק פונם גלייכן שכל. יינגלעך און מיידלעך — נישט געווען צוליבן געשלעכט קיין וויכטיקער אונטער־שיד אין גייסטיקן זין—האָבן אין קאָנטאַקט מיטן לעבנס־וואָר דורך די דער־קלערונגען פון די לערער און פון די ביכער פאַרצייכנט זייערע איינדרוקן אין איינפאַכע נאָטיצן. הגם אָפּטמאָל זיינען די מיינונגען געווען צו אויבנ־אויפיקע און נישט קיין פולשטענדיקע, פלעגן אבער אַ סך מער אַרויסווייזן שטרענגע לאָגיק און האָבן באַהאַנדלט וויכטיקע פילאָזאָפישע, פּאָליטישע און סאָציאַלע ענינים.

לכתחילה פלעגן מיר די צייטונג פאַרטיילן אומזיסט צווישן די שילער און אויך באַנוצן זי פאַר אַן אויסטויש מיט פאַרשידענע צייטונגען. אינגיכן אָבער האָט מען זי אָנגעהויבן צו זוכן, און מיר האָבן געמוזט אָנהויבן אָנ־צונעמען אַבאָנענטן.

בעת עס איז געקומען דערצו, האָט דער  ב אַ ל ע ט י ן — בלייבנדיק דער אָרגאַן פון דער  מ אָ ד ע ר נ ע ר  שול — געקראָגן דעם כאַ־ראַקטער פון אַ פילאָזאָפישן זשורנאַל. אַזוי זיינען מיר אָנגעגאַנגען מיט נישקשהדיקן דערפאָלג, ביז מען האָט אונדז אָנגעהויבן צו פאַרפאָלגן און פאַרמאַכט די שול.

פאַר אַ באַווייז פון דער וויכטיקער מיסיע פונם  ב אַ ל ע ט י ן, חוץ דעם, וואָס מיר האָבן שוין דערוויזן דורך די פריער איבערגעדרוקטע דאַטן און אַרטיקלען, זאָל מען נאָכזען דאָס אַרטיקל, וואָס איך האָב פאַר־עפנטלעכט אין 5־טן נומער פון 4־טן יאָרגאַנג, און וואָס האָט געזאָלט דינען פאַר אַ לערע  פאַר געוויסע וועלטלעכע דערציער, וועלכע  האָבן אומבאַוואוסטזיניק אָנגעהויבן אָפּצואווייכן פון די פּרינציפּן.

# אַ שפּאָר - קאַסע אין אַ שול

אין דער שול פון אן ארבעטער־אטענעום האָט מען איינגעפירט אַ נייס. מען האָט דארטן געגרינדעט אַ שפּאָר־קאַסע, וואס דארף פארוואלטעט ווערן דורך די קינדער.

די פּרעסע האָט עס אויפגעכאפּט און פארשפּרייט די ידיעה מיטן טאָן פון אַ לויב־געזאַנג, מען זאָל די זאך באוואונדערן און נאָכאַמען. דאס ברענגט אונדז אויסצודריקן אונדזער מיינונג וועגן דעם ענין. מיר האלטן, אַז אויב אייניקע האבן אַ רעכט צו טאָן און צו זאגן, האבן מיר אויך דאס זעלביקע רעכט צו משפּטן און אַזוי ארום בייטראגן צו אריינברענגען פאר־נינפטיקן אינהאלט אין דער עפנטלעכער מיינונג.

קודם־כל דארפן מיר באמערקן, אַז דער באַגריף ע ק אָ נ אָ מ י ע איז זייער פארשידן, אויף נישט צו זאגן להיפוכדיק, צום באַגריף ש פּ אָ ר־ז אַ מ ק י י ט. אויב דאָ האנדלט זיך וועגן איינפלאַנצן אין די קינדער עקאָנאָמישע ידיעות און פּראקטיק, וועט מען עס נישט דערגרייכן דורך אויסלערנען זיי ש פּ אָ ר ן.

ע ק אָ נ אָ מ י ע באַטייט: באַרעכנט, מעטאָדיש און פּארויסזעענדיק צו באנוצן די גיטער, און ש פּ אָ ר ז א מ ק י י ט הייסט: באַשרענקונג און באַגרענעצונג פונם באנוצן דידאָזיקע גיטער. בעת מען ע ק אָ נ אָ־מ י ז י ר ט, מיידט מען אויס אומזיסטן אויסברענגען; בעת מען פ א ר ש פּ אָ ר ט, זאגט זיך אָפּ דער, וואס פאַרמאָגט נישט קיין איבע־ריקע, פון דאס נוויטיקע.

באַזיצן דען אָט דאס איבעריקע דידאָזיקע קינדער, וועמען מען וויל לערנען שפּאָרן? דער נאָמען פון דער קערפּערשאַפט, וואס האלט אויס יענע שול, ענטפערט אונדז אויף דעם נעגאַטיוו. די ארבעטער - מיטגלידער פון יענעם אטענעום, וואס שיקן זייערע קינדער אין יענער שול, לעבן פון לוין, אַ מינימאַלע קוואנטיטעט, וואס די קאַפּיטאַליסטן צאָלן פאר דער ארבעט, און וואס ווערט באַשטימט נאָך דער נאָכפראגע און אָנבאָט נאָך. מיט דעמדאָזיקן לוין קאן מען נישט בלויז נישט דער־גיין צו איבערפלוס, נאָר, היות די פּריווילעגירטע מאנאָפּאַליזירן די סאָציאַלע

רייכטימער, קאָנען די ארבעטער נישט אויספירן אפילו צו געניסן פון א רעגלמעסיקן לעבן. בהסכם מיט די דערגרייכונגען פונם איצטיקן דור א דאנק דער ציוויליזאציע און דעם פראגרעס.

בעת מען לערנט, בכן, דידאַזיקע שילער, וואס זיינען ארבעטער־קינדער, צוקונפטיקע ארבעטער, בעת מען לערנט זיי צו שפּאָרן, וואס דאס הייסט מיטן אייגענעם ווילן אפּצוזאָגן זיך פונם נויטיקן, גרייט מען זיי צו צו אונ־טערוואַרפן זיך אונטער דער פריווילעגיע. מען וויל די קינדער ארייננפירן אין דער עקאָנאָמישער לערע, און וואס מען טוט אין דער אמתן, איז צו מאכן פון זיי קרבנות און מיטשולדיקע אין דער עקאָנאָמישער מיספּאַרוואַל־טונג פון דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט.

דאס ארבעטער־קינד איז א מענטשלעך קינד, און ווי אזעלכער האָט ער א רעכט צו אנטוויקלען אלע זיינע פעאיקייטן און נויגונגען, צופרידנ־צושטעלן אלע זיינע מאראלישע און פיזישע באדערפעניש. אויף דעם איז דאָך אוועקגעשטעלט געווארן די געזעלשאפט, וועלכע דארף נישט צונויפ־פרעסן, און נישט בינדן דעם יחיד צו איר ארט זיין, ווי די פריווילעגירטע, די צוריקגעשטאַנענע, די וואס לעבן פון דעם, וואס אנדערע פּראדוצירן, באמיען זיך צו טאן, צוליב ענגן נישט פארנונפטיקן עגאָיזם, נאָר זי — די געזעלשאפט — דארף פארשטעלן דעם ריכטיקן גלייכגעוויכט צווישן די רעכטן און פליכטן פון אירע אלע מיטגלידער.

יאָ. ווייל מען בעט ביים יחיד ער זאל מקריב זיין צו דער געזעלשאפט זיינע רעכטן, זיינע באדערפענישן און זיינע פארגעניגנס; ווייל מען וויל, אז אזא אומארדענונג זאל זיין די ארדענונג דורכן געדולד, דורך די יסורים און אפילו דורך א פאלשן געדאנקען־גאנג, הויבן מיר אויף הויך די עקאָנאָמיע און מיר פארווארפן די שפּאָרזאמקייט. מיר מיינען, אז מען טאר נישט לער־נען שפּאָרן די קינדער, וואס וועלן דארפן זיין ארבעטער אין א געזעלשאפט, וואו די דורכשניטלעכע שטערבלעכקייט צווישן די ארעמע, וואס לעבן אָן פרייהייט, אָן בילדונג, אָן פרייד, איז שרעקלעך, ווען מען פארגלייכט מיט דער שטערבלעכקייט צווישן די פאראזיטן, וואס לעבן און זיגן, ווי זיי גלוסט זיך נאָר.

די, וואס ווילן צוליב ס אָ צ י א ל א ט ר י ע פארקלענערן אויפן

מינדסטן דאס מענטשלעכע רעכט, מעגן לייענען פּ י א י מ א ר ג א ל ס ענערגישן און שיינעם אויסגעשריי: „ווער ביסטו אויף נישט צו לאָזן מיר אויסנוצן מיין מענטשלעכע רעכט? פאלשע און טיראנישע געזעלשאפט, איך האב דיך באשאפן, אז דו זאלסט פארטיידיקן דאסדאָזיקע רעכט און נישט, אז דו זאָלסט עס שטערן; גיי און קער זיך אום צו די תהומות פון וואנען דו שטאמסט, צום תהו ובהו".

אויפן סמך פון אָט די באטראכטונגען, און זיי אָנגעווענדט אויף דער פּעדאגאָגיע, האלטן מיר פאר נויטיק צו געבן צו פארשטיין די קינדער, אז אויסברענגען אומזיסט וועלכע נישט איז זאכן, איז להיפוך צום אלגעמיינעם וואוילזיין. מען דארף די קינדער אויפקלערן, אז ווען זיי פירן איבער פּאפּיר, פארלירן פעדערס אָדער צעשעדיקן ביכער, דערלאזן זיי נישט פון אָט די זאכן ארויסצוקריגן קיין גרעסערן נוצן. און זיי ברענגען שאָדן זייערע על־טערן אדער דער שול. מען קאָן נאָך מיט זיי טענהן וועגן „שפּעטער", ווען עס האנדלט זיך פון קויפן אומנוצלעכע זאכן, און מען מעג זיי אפילו מאכן צו פארטראכטן זיך וועגן ארבעטסלאזיקייט, קרענק, וועגן דער עלטער אפילו. מען זאָל אבער נישט זאָגן, און נאָך ווייניקער זאל עס זאגן א לערער, אז מיטן ארבעטסלוין, וועלכער קלעקט נישט אויף צו באפרידיקן די עלע־מענטארע באדערפענישן, קאָן מען זיך פארזיכערן דאס לעבן, ווארום דאס איז פאלשע אריפמעטיק.

די ארבעטער מוזן זיך אָפּזאָגן פון דער אוניווערזיטארישער בילדונג. זיי באזוכן נישט קיין טעאטער און קיין קאָנצערטן. זיי רייזן נישט. זיי גייען נישט אריין אין עקסטאז פון די איבער דער וועלט פארשפּרייטע וואונדער פון דער קונסט, פון דער אינדוסטריע און פון דער נאטור. זיי זעטיקן נישט אָן זייערע לונגען מיט קיין זויער־שטאָף אויף דאטשעס. זיי קאָנען אפילו נישט קריגן דאס בוך אדער די צייטונג, וואס דערהויבן דעם פארשטאנד. אדרבא, זיי ליידן פון פארשידענע דחקות און קאָנען אפילו דורכלעבן א מוראדיקן קריזיס צוליב איבערפלוס אין פראדוקציע. נישט די לערער מעגן בכן זיין דידאַזיקע, וואס זאלן באהאלטן פון די קינדער אָט די טרויעריקע אמתן, און וואס זאלן נאָך דערצו לערנען, אז א קלענערער קוואנטום קאָן זיך פארגלייכן און אפילו איבערשטייגן א גרעסערן.

הײנט, ווען אדאנק דער וויסנשאפט און דער אינדוסטריע איז קלאָר,

אז עס איז פאראן איבערגענוג פאר אלעמען אויפן לעבנס־באנקעט, טאָר מען נישט לערנען אין שול, לטובת די פריווילעגירטע, אז די ארעמע דאַרפן שקלאַפיש ארגאניזירן דאס אויסנוצן ברעקלעך און אָפפאַל.

לאָמיר נישט פראָסטיטואירן דעם אונטערריכט.

כדי אויסצומיידן אָפּווייכונגען אין דער פאָלקס־בילדונג, האב איך גע־האלטן פאר מיין חוב צו פארעפנטלעכן אין באַלעטין אָט דעם פּראָוואורף:

## מכוח סובסידיעס

עס האָט מיך אַ טרויעריק געמאכט אַ אויפגערעגט דאס לייענען דעם צעטל סובסידיעס, וואס די באַרסעלאנער מוניציפּאַליטעט האָט באַשטימט פאַר געוויסע פאפולערע פאַריינען, וועלכע פארשפּרייטן בילדונג.

מיר האָבן געזען, אַז עס זיינען באַשטימט געוואָרן סומעס פאַר ר ע ־ פּ ו ב ל י ק א נ ע ר ב ר ו ד ע ר ש א פ ט ן און אנדערע ענלעכע קער־פּערשאַפטן, און דיזאָזיקע געזעלשאַפטן האבן נישט בלויז אפּגעוואָרפן די סובסידיעס, נאָר זיי האבן אפילו אפּגעשטימט דאנק־אויסדרוקן פארן ראַט־מאַן פון דיסטריקט אָדער פאַר דעם מוניציפּאַל ראט אין פּלענום.

אז דאס זאָל פּאסירן צווישן קאטאָליקן און אולטרא־קאנסערוואטיוון, קאָן מען עס פארשטיין, היות די אויבערהערשאפט פון דער קירך און פון דער קאפּיטאַליסטישער געזעלשאפט קאָן אויפגעהאלטן ווערן בלויז אַ דאנק דער סיסטעם פון ריכטיק פארשטאַנענער צדקה און פּראָטעקציע — האלטן זיי דאָך מיט דעם איין די פּראָוואָרלאזטע מאסן, וועלכע בלייבן נאָך תמיד צופרידן און תמיד פארטרויט אויף זייערע באַלעבאַטימס גוטסקייט. אָבער אַז די רעפּובליקאנער זאָלן פון רעוואָלוציאָנערן, וואס זיי דאַרפן זיין, זיך פּאַרוואַנדלען אין שנאָרער, אזוי ווי שטילינקע קריסטן, דאס קאָנען מיר שוין נישט צוזען רואיק, און מיר מוזן מאכן אויפמערקזאם אויף דעם אלע, וואס קעמפן מיט גוטע כוונות אין רעפּובליקאנישן לאַגער.

פּאַרזיכטיק! — זאָגן מיר זיי: פּאַרזיכטיק! ווארום איר דערציט שלעכט אייערע קינדער, און איר גייט אויף אַ שלעכטן וועג, ווען איר מיינט צו באַפרייען זיך מיט נדבות. פּאַרזיכטיק! ווארום איר וועט זיך

נישט באַפרייען און איר וועט נישט באַפרייען אייערע קינדער, אויב איר וועט זיך פאַרלאָזן אויף פרעמדע כוחות און אויף אָפיציעלער אָדער פּרי־וואַטער שטיצע.

עס קאָן נאָך מיטגיין, אַז צוליב אומוויסן, אין וועלכן עס לעבן די קאַ־טאָליקן, זאָלן זיי אַלץ דערוואַרטן פון אַ גאָט, פון אַ הייליקן יוסף אָדער פון אַן אַנדער ענלעכן מיט, וואָרום, אויב אַפילו זיי קאָנען נישט זיין זיכער, אַז זייערע תפילות זאָלן זיי העלפן ביים לעבן, טרייסטן זיי זיך, אַז מען וועט זיי אויסהערן נאָכן טויט.

עס קאָן נאָך מיטגיין, אַז די לאָטעריי־שפּילער זאָלן זיך נישט כאַפּן, ווי די רעגירונגען נאַרן זיי אָפּ מאַטעריעל און מאָראַליש, היות זיי קריגן צוריק עפּעס פון די גרויסע סכומים, וואָס זיי פאַרלירן צוזאַמען, און מען קאָן מוחל זיין אומוויסנדיקע מענטשן אָדער שפּילער, וואָס זיי דערוואַרטן זייער וואוילשטאַנד פונם מזל און נישט פון זייער ענערגיע.

אָבער, אַז אויף אַזאַן אופן זאָלן אויסשטרעקן די שנאָרערישע הענט יענע מענטשן, וואָס אַלס רעוואָלוציאָנערן פּראָטעסטן פאַרייניקן זיי זיך אויף איבערצובייטן דעם רעזשים, אַז אָט זיי זאָלן אָננעמען מיט דאַנק דערנידע־ריקנדיקע נדבות און זאָלן זיך נישט קאָנען פאַרלאָזן אויף דער ענערגיע, וואָס ביי זיי דאַרף אַרויסרופן די איבערצייגונג אין זייער גערעכטיקייט און זייער כוח, — אָט דאָס, זאָגן מיר נאָך אַמאָל, מאַכט טרויעריק און רעגט אויף.

אַכטונג, בכן, די מענטשן מיט גוטע כוונות! מיט אַזעלכע וועגן קומט מען נישט צום אמתן אונטערדריקט פון דער קינדהייט, נאָר צו דער צוימונג פונם יונגן דור.

נאָכדעם ווי דער ב אַ ל ע ט י ן האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ יאָר צייט, בעת מען האָט פאַרמאַכט די מ אָ ד ע ר נ ע ש ו ל און פאַר דער צייט, וואָס מיין פּראָצעס איז אָנגעגאַנגען און איך בין געזעסן אין דער מאַדרידער תפיסה, איז די דאָזיקע צייטונג ווידער דערשינען. אין דעם ערשטן נומער פון דער צווייטער תקופה, דעם 1־טן מאַי 1908 י. האָב איך פאַרעפנטלעכט אָט די דערקלערונג:

# צו אלעמען

מיר האָבן געזאָגט נעכטן...

קיינמאָל, ווי ביי דער איצטיקער געלעגנהייט, ביים ארויסלאָזן דעם ערשטן נומער פון דער צווייטער תקופה פון אונדזער באַלעטין, וואָלטן מיר אזוי צייטמעסיק נישט געקאָנט באנוצן אָט די היסטאָרישע פראזע: די מאָדערנע שול זעצט פאָר איר וועג, נישט בייטנדיק אירע מיטלען, נישט אירע מעטאָדן, אָריענטאציעס אָדער אויפגאבן. זי זעצט פאָר איר שטייגנדיקן וועג צום אידעאל, וואָרום פאר איר איז באשיינפערלעך, אז איר מיסיע איז א באפרייערישע, און אז זי העלפט צו־צוגרייטן, דורכן ראציאָנאלן און וויסנשאפטלעכן אונטערריכט, א בעסערע, פולקאָמערע און נערעכטערע מענטשהייט, ווי די איצטערדיקע. די איצטער־דיקע מענטשהייט צאפלט זיך צווישן שנאות און געמיינקייטן, די צוקונפ־טיקע וועט זיין דער רעזולטאט פון דער, דורך יארהונדערטן אנגעפירטער, ארבעט אויף צו דערגרייכן דעם אוניווערסאלן פרידן.

מיר דארפן נישט אומבייטן קיין איין פינטל פון אונדזער ביזאיצטער־דיקער ארבעט. מיר זיינען טיף און, וואס ווייטער, אלץ שטארקער איבער־צייגט, אז אָן אן אבסאלוטער רעפארם פון די דערציאונגס־מיטלען וועט נישט מעגלעך זיין צו אריענטירן די מענטשן צו דער צוקונפט. אויף אָט דעם וועג גייען מיר. דורך שולן, וואו מען קאָן גרינדן שולן; דורך אונדזערע ביכער, וואס די ביבליאָטעק זייערע וואקסט פון טאָג צו טאָג און אקטיווירט די פארשפרייטונג פון באווייזענע, דורך דער וויסנשאפט, אמתן; דורכן וואָרט, מיט פאָרטראָגן, וואָס זאלן ברענגען צו די מוחות דאָס ליכט פונם אמת אנטקעגן די טראדיציאָנעלע טעותים; דורך דעמדאָזיקן באַ־לעטין, וואו אונדזערע שטרעבונגען זאלן קריגן לעבן, כדי די קלאָר־קייט פונם שטודיום זאָל קאָנען באאיינפלוסן דורכן קאנאל פונם געשרי־בענעם וואָרט.

אונדזערע פריינט, וועלכע האָבן פאַרן משך פון פינף יאָר מיטגעאר־בעט מיט אונדז פאר דער מאָדערנער שול און האבן זיך סאָ־לידאריזירט מיט די פּראָגרעסיווע מענטשן פון דער גאנצער וועלט אויף

נישט צו דערלאזן די אומגערעכטיקייט, וואס די רעאקציע האט געוואלט באגיין אין דער פערזאן פון איר גרינדער, — אונדזערע פריינט דארפן נישט קוקן צוריק. אדרבא, אויפגעהויבן הויך דעם קאפ, אין אויג פעסט א מארגן פון גערעכטיקייט און ליבע, וועלן די פריינט העלפן אונדז מיט מער ענערגיע דורכצופירן דידאזיקע ארבעט פון אמתער און פרוכטבארער דער־לייזונג.

אונדזער אויסדרוק פון פראפעסיאנעלער סאלידאריטעט און אונדזער הארציקער גרוס פאר דער פרעסע.

די גוטע, — א ווארעמער האנט־דרוק אין צייכן פון פרידן.

אונדזער גרוס.

פאר א מוסטער פון דער ארבעט פונם ב א ל ע ט י ן, גיב איך דא דאס פאלגנדיקע איבערגעזעצטע ארטיקל, וואס פארייניקט אין זיך פעדאגאגישע קאמפעטענץ צוזאמען מיט א קלארער וויזיע פונם דערצי־אונגס־אידעאל:

## די דערציאונג פון דער צוקונפט

די גרונט־אידייע פון דער רעפארם, וואס די צוקונפט וועט איינפירן אין דער קינדער־דערציאונג, וועט באשטיין אין פארבייטן, אין אלע אופנים פון אקטיוויטעט, דעם קינסטלעכן צוואנג פון אן אפגעמאכטער דיסציפלין אויפן נאטירלעכן צוואנג פון די פאקטן.

זאל מען נאר באטראכטן, וואס מען טוט היינטיקן טאג: חוץ דעם קינדס באדערפענישן, האט מען אויסגעשטעלט א פראגראם פון ידיעות, וואס מען האלט, אז זיי זיינען נויטיק פארן קינדס קולטור, און, מיט גוטן אדער מיט בייזן, נישט אפגעשטעלט זיך פאר קיין מיטלען, מוז דאס קינד אויסלערנען יענע פראגראם.

אבער בלויז די לערער פארשטייען די פראגראם און ווייסן איר ציל און פארנעם: נישט דאס קינד. אט פון וואנען עס נעמען זיך אלע פעלערן

פון דער מאָדערנער דערציאונג. מען נעמט צו ביי די האַנדלונגען זייער נאַ־טירלעכע סיבה, דאָס הייסט, דער צוואַנג פון דער באַדערפעניש אָדער פונעם וואונטש, און מען ווייל זי אויסבייטן אויף אַ קינסטלעכער סיבה, אַן אַבּ־סטראַקטע פּליכט, וועלכע עקזיסטירט נישט פאַר דעם, וואָס קאָן זי נישט באַגרייפן. איז מען האָך געצוואונגען אייַנפירן אַ דיסציפּלינאַרע סיסטעם, וועלכע מוז נויטווענדיקערווייז ברענגען די ערגסטע רעזולטאַטן: די שטענ־דיקע מרידה פונעם קינד אַנטקעגן דעם לערערס קאַפּריזנער אויטאָריטעט, איי־ביקע צעשטרייאונג און פוילקייט, באַשיינפּערלעכער שלעכטער ווילן. און צו וואָס פאַר מאַנעווערס די לערער מוזן עס אָנקומען אויף צו באַהערשן די פאַרעקשנטע שוועריקייט! מיט אַלע מיטלען, אַנדערע גאָרנישט קיין שיינע, באַמיען זיי זיך אַריינצונאַרן דעם קינדס אויפמערקזאַמקייט, זיין אַקטיווי־טעט און ווילן; און די לערער, וואָס געפינען דערצו אויס מער תחבולות, האַלט מען פאַר די בעסטע דערציער.

זיי האַלטן זיך פאַר גליקלעך, ווען זיי דערגרייכן אַ שיין פון דערפאָלג, אָבער ווייטער פון אַ שיין קומט עס קיינמאָל נישט—עס קאָן נישט געמאָלט זיין קיין ריכטיקער דערפאָלג דאָרטן, וואו דער קינסטלעכער מיטל פאַרבייט די איינציקע און העכסטע סיבה פון דער האַנדלונג, די באַדערפעניש. די גאַנצע וועלט האָט געקאָנט פילן, אַז בלויז די אַרבעט, וואָס ווערט געטאָן אויס פאַרלאַנג, האָט אַן אמתן ווערט. ווען עס פאַרשווינדט אָט די סיבה, מוז קומען די נאָכלעסיקייט, די יסורים און די מיאוסקייט.

אין אונדזערע געזעלשאַפטן איז דער קינסטלעכער אָנרעגער צו דער אַר־בעט נוטה צו פאַרבייטן אומעטום דעם לאָגישן און געזונטן צוואַנג פון דער באַדערפעניש, דעם נאַטירלעכן פאַרלאַנג צו באַקומען אַ רעזולטאַט, צו פאַרווירקלעכן. די מענטשן פון אונדזער תקופה זעט דאָס דעראַבערן געלט אויס צו זיין דער אמתער ציל פון אָנשטרענגונג. אָבער דער אמת איז, אַז די מאָדערנע דערציאונג טוט גאָרנישט אויף צו ווירקן אַנטקעגן דעמאָראַליזיקן שערלעכן באַגריף, נאָר פונקט דעם היפּוך. דעריבער שטייגט פון טאָג צו טאָג דאָס אויסשליסלעכע יאָגן זיך נאָך געלט אויפן אָרט פונעם פּראַקטיקן אינסטינקט אויסצופירן, יענער אינסטינקט, וואָס געפינט זיך ביי די געצייל־טע מענטשן, וואָס זייערע האַנדלונגען זיינען נישט געפעלשט געוואָרן, וואָס

ביי זיי איז איבערגעבליבן די נאָרמאַלע אָנרעגונג צו דער האַנדלונג, און זיי אַרבעטן אויף צו פּאַרווירקלעכן דאָס, וואָס זיי האָבן אויפגענומען, מיט אַ נאָבעלער פאַראַכטונג צום געלט. ווי קאָן מען פאָדערן פון אינדיווידן, וואָס זיינען פון קינדווייז אָן איינגעוואוינט געוואָרן צו האַנדלען לויט אַ פרעמדן ווילן, אונטערן דרוק פון אָן אויסוויינִיקסטן געזעץ אויף אַרויסצוקריגן אַ רעזולטאַט, וואָס זיין וויכטיקייט פאַרשטייען זיי נישט — היות די באַדייטונג פון דער אַרבעט ווערט פּשוט באַשטימט דורך דער באַלוינונג און שטראָף,—ווי אַזוי קאָן מען פון יענע מענטשן פאָדערן, אַז זיי זאָלן זיין פעאיק צו פאַראינטערעסירן זיך מיט דעם, וואָס שאַפט די שיינקייט, די נאָבלקייט פון דער מענטשלעכער אָנשטרענגונג, זיין אייביקן קאַמף מיט די בלינדע כּוחות פון דער נאַטור?

דאָס שלעכט באַגרייפן די דערציאונג האָט גורם געווען די אָרגאַני־שע קראַנקהייט פון אונדזערע געזעלשאַפטן: די באַדערפעניש צו ווערן עפּעס, צו געניסן; די פאַראַכטונג, די שנאה צו דער אַרבעט; דער געיעג נאָ־כן לעבן, וועלכן מען ווייסט נישט ווי צו באַפרידיקן; דער שרעקלעכער קאַמף פון די מענטשן, וועלכע האַסן זיך און באַמיען זיך צו פאַרניכטן איי־נער דעם אַנדערן... מען האָט פאַרגעסן, אַז, וואָס מען וואָלט אין דעם מענ־טשן געדאַרפט מיט אַלע כּוחות פאַרטיידיקן און אויפהאַלטן, איז דאָס נאַ־טירלעכע שפּיל פון זיינע אַקטיוויטעטן, וועלכע דאַרפן זיך אַלע ווענדן און אויסוויקלען זיך צום דרויסן אין דער ריכטונג פון דער גאַנצער געזעל־שאַפטלעכער אָנשטרענגונג. ד ע ר ק א ַ מ ף פ א ַ ר ד ע ר ע ק ז י ס־ ט ע נ ץ ! — ווי מען האָט עס אַביסל מיסברויכט מיט אָט דער פראַגע, און ווי זי איז עס צוניץ געקומען אויף צו אַנטשולדיקן אַזוי פיל געמיינקייטן! און אויך, — ווי שלעכט זי איז דאָס פאַרשטאַנען געוואָרן! מען פאַרשטייט אָט די פראַזע אַזוי, אַז זי ווערט אַזש די פאַרלייקענונג פון דער געזעל־שאַפטס נאַטירלעכע פּרינציפּן: ערגעץ נישט אין דער נאַטור קאָן מען גע־פינען אַ ביישפּיל פון דער עסלעכקייט, וואָס מען וויל, אַז יענער זאָל זאָל אויסדריקן. עס איז נישט פאַראַנען קיין אָרגאַניזם, נישט פאַראַנען קיין קאָלאָניע חיות, וואו די אינדיווידועלע עלעמענטן זאָלן זיך זוכן קעגנזייטיק צו פאַרניכטן; אַדרבא, אַלע צוזאַמען קעמפן קעגן די פיינטלעכע השפּעות

פון דער סביבה, און די פונקציאנאלע טראנספארמאציעס, וואס קומען אין זיי פאר, זיינען נויטיקע דיפערענצירונגען, געזונטע אויסטוישן אין דער אל־געמיינער ארגאניזאציע, נישט קיין צעשטערונגען.

קודם כל איז נויטיק דאס לעבן זאל זיין אזוי איינגעארדנט, אז דער מענטש זאל ארבעטן און קעמפן אויסשליסלעך, כדי צו זיין נוציק פאר זיי־נע מיטמענטשן: אויף דעם דארף דער מענטש פשוט אויפהאלטן און פאר־שטארקן אין זיך דעם אינסטינקט צו פארטיידיקן זיך קעגן די פיינטלעכע כוחות פון דער נאטור; אז ער זאל זיך אויסלערנען ליב צו האבן די ארבעט איבער די גענוסן, וואס עס פארשאפן די באגערטע דורכפירונגען, וועלכע מען האט זיך פארגענומען און לאנג און פארעקשנט געארבעט אויף אויסצופירן זיי; אז ער זאל פארשטיין דעם גוואלטיקן פארנעם און די דערהויבענע שיינקייט פון דער מענטשלעכער אנשטרענגונג. אונדזערע גרויסע מענטשן, אונדזערע דערפינדער, אונדזערע געלערנטע, אונדזערע קינסטלער זיינען עס דערפאר, וואס זיי האבן אויפגעהיט די אויסגעצייכנטע אייגנשאפט צו וועלן, נישט קעגן זייערע מיטמענטשן, נאר פאר זיי. אין די אויגן פון זייער־ערע צייט־חברים האבן זיי אויסגעזען מאדנע מענטשן, און, בעת זיי זיינען די, וואס לעבן מער אין אנקלאנג מיט דעם הארמאנישן סך־הכל פון די גע־זעצן פון דער עקזיסטענץ, ווערן זיי געהאלטן פאר וויזיאנערן.

א ראציאנאלע דערציאונג וועט, בכן, זיין דידאזיקע, וואס וועט אויפ־היטן אין מענטשן די פעאיקייט צו וועלן, צו דענקען, צו אידעאליזירן, צו האפן; דידאזיקע, וואס וועט זיך באזירן אויסשליסלעך אויף די נאטירלעכע באדערפענישן פונם לעבן; וואס וועט לאזן דידאזיקע באדערפענישן פריי קומען צום אויסדרוק; וואס וועט מיטהעלפן מיט אלע מעגלעכקייטן די אנט־וויקלונג און לעבן פון אלע כוחות פונם ארגאניזם, כדי זיי זאלן זיך אלע קאנצענטרירן אויף איין און דעמזעלבן אויסערלעכן ציל־פונקט: דער קאמף דורך דער ארבעט אויף דורכצופירן, וואס עס פאדערט דער געדאנק.

עס וועלן זיך, בכן, פולשטענדיק באנייען די יסודות פון דער איצטער־דיקער דערציאונג: אנשטאט אוועקצושטעלן אלץ אויף דער טעארעטישער בילדונג, אויף אויסצולערנען זאכן, וואס האבן פארן קינד קיין שום באטייט נישט, וועט מען ארויסגיין פון דער פראקטישער בילדונג, פון יענער, ווע־

מענם ציל דאס קינד פארשטייט קלאר, — דאס הייסט: מען וועט אָנהויבן פון לערנען האַנט־ארבעט.

דער שכל דערפון איז א לאנגישער. די בילדונג, פאר זיך גופא, איז פארן קינד לגמרי אומנוציק. ער פארשטייט נישט פאר וואס מען לערנט אים לייענען, שרייבן און מען שטאפט אים אן א קאפּ מיט פיזיק, געאגראַפיע אדער געשיכטע. דאס אלץ זעט אים אויס לחלוטין איבעריק, און ער ווייזט עס ארויס, קעמפנדיק קעגן דעם מיט אלע זיינע כוחות. מען שטאפּט דעם קינד אן מיט ווייסנשאפט, און ער פארוואַרפט עס אזוי שנעל, ווי מעגלעך. און זאל מען נאר גוט נעמען אין אכט, אז פונקט ווי ביי דער מאראַלישער און פיזישער דערציאונג, פארבייט מען אויך אין דער גייסטיקער דערציאונג דעם אפּוועזנדיקן נאטירלעכן זין אויפן קינסטלעכן.

דא גייט וועגן אוועקשטעלן אלץ אויפן נאטירלעכן זין. אויף דעם קלעקט אונדז צו דערמאנען זיך, אז דער פרימיטיווער מענטש האָט אָנגעהויבן זיין עוואלוציע צו דער ציוויליזאציע דורך דער ארבעט, וואס די נויטיקע באדערפענישן האבן באשטימט. די יסורים האבן אים געבראכט צו שאפן פארטיידיקונגס און קאמפּס מיטלען, פון וואנען עס זיינען ביסלעכווייז געבארן געווארן די מלאכות. דאס קינד האט אין זיך אן אטאוויש באַדערפעניש צו ארבעטן, וואס קאן קלעקן אויף צו פארבייטן די פרימיטיווע אומשטענדן, און עס וואלט געווען געענוג נאכצוקומען אט די באדערפעניש. זאל מען ארום אים ארגאניזירן די ארבעט, זאלן מען אין אים אויפהאלטן די לאנגישע און בארעכטיקטע דיסציפּלין אויף דורכצופירן די אויפגאבע, אין מען וועט גרינג דערגרייכן א פולע, לייכטע און געזונטע דערציאונג.

מיר וועלן מער נישט ווי דארפן ווארטן, אז דאס קינד זאל קומען צו אונדז. עס קלעקט צו האבן א ביסל דורכגעלעבט דעם קינדס לעבן אויף צו ווייסן, אז א מעכטיקער וואונטש שטויסט אים צו דער ארבעט. וואס טוט מען דען נישט אויף צו צעשטערן אין אים אָט די גוטע נויגונגן! ווער וועט נאך וואגן צו ריידן דערנאך פון פוילקייט? א געזונטער מענטש און א געזונט קינד פילן א באדערפעניש צו ארבעטן: די גאנצע געשיכטע פון דער מענטשהייט באווייזט עס.

דאס קינד לאזט זיך ביסלעכווייז אפּ פונם שפּילן, וואס איז פאר זיך

גופא נישט מער, ווי א פארם פון ארבעט, אן איינגעבארענער אויסדרוק פון יענעם באגער צו אקטיוויטעט, וואס האט נאך נישט אויסגעפונען זיין ריכ־טונג, אדער אפשר שטאמט דער שפּיל פון אטאווישן גוסט צום קאמף, וואס איז איבערגעבליבן פון די פרימיטיווע תקופות פונם מענטשלעכן לעבן. דאס קינד פארלאזט דעם שפּיל אונטערן שטוים פון א באדערפעניש, וואס קומט בהדרגה ארויף, און צוליבן צוציאונגס־כוח פונם ביישפּיל: מען ארבעט לעם אים, און עס שטויסט אים מיט אלע כוחות צו דער ארבעט.

דעמאלט קומט אונטער דעם לערערס השפעה, א באהאלטענע און אומ־דירעקטע השפעה. דעם לערער לערנט זיין לעבנס־קענטעניש צו פארשטיין, וואס אין קינד קומט פאר, צו דערקענען זיינע באגערן, ממלא צו זיין די אומ־זיכערקייט און אומבאוואוסטזיניקייט פון זיינע ווילנס. דער דערציער קאן אנבאטן דעם קינד, וואס ער פארלאנגט. פאר אים קלעקט צו שטודירן דאס פרימיטיווע לעבן פון די ווילדע אויף צו וויסן, וואס דאס קינד באגערט צו טאן.

אינם המשך וועט שוין אלץ זיין לייכט, נאטירלעך, איינפאך. די מלאכה האט איר אומבויגזאמע לאגיק: זי פירט די ארבעט בעסער, ווי דאס וואלט געקאנט טאן די הויכע וויסנשאפט. עס קלעקט, אז די לערער זאלן אפּווייכן צו די אומפולקומענהייטן פון דער פרימיטיווער ארבעט, צו דער אנשטרענגונג פון און אומוויסנדיקן. די מלאכה דארף געפאדערט ווערן אזוי, ווי זי איז אנגעקומען דורך די פראגרעסן פון די פארגעשריטענע פעלקער ביזן קינדס ווילן, און מען דארף פונם קינד פארלאנגען די אנשטרענגונג פון אזא פארווירקלעכונג, אין וועלכער עס זאלן זיך צוזאמענקומען אלע נויטי־קע מענטשלעכע ידיעות.

מען קאן לייכט פארשטיין, אז איטלעכע מלאכה היינט צו טאג, אויב נאר מען וויל זי ריכטיק קאנען און דורכפירן, גייט האנט ביי האנט מיט א גייסטיקער ארבעט, וואס פאדערט אלע ידיעות, וועלכע שטעלן צוזאמען אקוראט דעם סכום בילדונג, וואס מען באשרענקט זיך איצט אויף אריינ־צוגעבן טעארעטיש. אין דער מאס, וואס דאס קינד וועט פראגרעסירן אין זיין לערע, וועט מען ביי אים זוכן ארויסרופן די באדערפעניש צו וויסן, צו בילדן זיך. און דעמאלט וועט מען זיך היטן נישט צו דערשטיקן אט די בא־

דערפּעניש, נאר אדרבא, ווי זי וועט זיך נאר ארויסווייזן, וועט מען דעם קינד געבן אלע מיטלען אויף זי צו באפרידיקן. אויף דעם אופן וועט דאס קינד זיך בילדן לאָגיש, צוליב די באדערפענישן גופא פון זיין ארבעט, און ער וועט שטענדיק זען פאר זיך די סיבה, וואס האט באשטימט זיין ווילן.

עס איז נישט נויטיק אפּצושטעלן זיך מער וועגן דער קוואליטעט פון אזא מין ארבעט און וועגן די אויסגעצייכנטע רעזולטאטן, וואס זי מוז ארויס־ברענגען. דורך קאָמבינירן די מלאכות, וועט מען קאָנען קריגן די ידיעות וואס אנטשפּרעכן א פיל שטארקערער און געזינטערער דערציאונג, ווי די, וואס ווערט איצט געגעבן, און וועלכע איז אינגאנצן צוזאמענגעשטעלט פון לפנימדיקייטן.

וואו בלייבט איבער דער צוואנג צו דעם אלעמען? דער דערציער וועט פּשוט בעטן הילף ביי דער נאַטור, און אומעטום, וואו ער וועט זיך אנטרעפן אויף שוועריקייטן, וועט ער אויספארשן, מיט וואס ער איז איבערגעטראטן די נאטור. אויף איר וועט ער זיך פארלאָזן מיטן אכטונג געבן אויף דער דיסציפּלין, און דידאַזיקע וועט גרויסארטיק אויפגעהאלטן ווערן.

ארבעטנדיק אט אזוי אין דער דערציאונג פון די מענטשן, וועט מען מיט זיכערקייט מעגן דערוואַרטן א בעסערע מענטשהייט, וואס וועט ליב האבן איר אויפגאבע; וואס וועט אויפהיטן די גאנצע שטארקייט פון איר ווילן; איר גאנצע מאראלישע געזונט; וואס וועט שטענדיק שטייגן צו נייע אידעאלן; א מענטשהייט, וואס וועט זיך נישט אפּגעבן מיט א נארישן קליינלעכן קאמף, וואס וועט נישט זיין צוגעבונדן צום מיאוסן אנזעטיקן אי־רע אפּעטיטן און קלעגלעך פארטאן אין אירע פעלערן, ליגנס, א טרויעריקע, א פארביסענע, א געפאלענע, נאר תמיד א ליבנדיקע, שיינע און פריילעכע.



XVII

# די שליסונג פון דער מאָדערנער שול

איך בין געקומען צום העכסטן פונקט אין מיין לעבן און אין מיין ווערק. מיינע שונאים, וואס דאס זיינען די רעאקציאנערן פון דער וועלט, וועלכע זיינען פארטראטן דורך די אפגעשטאנענע און רעגרעסיווע עלעמענטן פון בארסעלאנא אויפן ערשטן פלאן און דערנאך פון גאנץ שפאניען, האבן זיך געהאלטן פאר זיגער מיט דעם, וואס זיי האבן מיך פארוויקלט אין א פראצעס, וועלכער האט געדראט מיט טויט און מיט פארפלעקטן אנדענק און מיטן שליסן די מאָדערנע שול. זייער נצחון איז אָבער נישט דערגאנגען ווייטער פון אן עפיזאד אין דעם קאמף, וואס דער פראקטישער ראציאנאליזם האָט אונטערגענומען אויף צו צערייסן די אטאווישע און טראַדיציאנאליסטישע קייטן. די געמיינע העזה, מיט וועלכער זיי זיינען דערגאנגען ביז בעטן אנטקעגן מיר טויט שטראף, וואס איז געבראכן געווארן, ווייניקער דורכן געריכטלעכן יושר, ווי דורך מיין ארויסשיינענדיקער אומשולד, האט ארויסגערופן צו מיר די סימפאטיע פון אלע ליבעראלן, בעסער געזאגט, פון אלע אמתע פראגרעסיסטן פון דער וועלט. דער פראצעס האט אויך צוגעצויגן די אויפמערקזאמקייט אויף דעם באטייט און אידעאל פון דער מאָדערנער שול, און האָט פארורזאכט אן אוניווערסאלע פראָטעסט־באוועגונג און אפשאצונג, וואס זיינען נישט אונטערגעבראכן געווארן פארן משך פון א יאר, זינט מאי 1906 י. ביז מאי און יוני 1907 י.. די פרעסע פון יענעם פעריאד אין אלע שפראכן פון דער מאדערנער ציוויליזאציע שפיגלט אפ דידאזיקע באוועגונג דורך לייט־ארטיקלען, דורך ווערט־

פולע מיטארבעטערשאפטן, אדער דורך די רעצענזיעס איבער מיטינגען, פארטראגן און פאלקס־מאניפעסטאציעס.

בקיצור, די פארביסענע שונאים פונם ווערק און זיין ארבעטער זיינען געווען די בעסטע מיטארבעטער. זיי האבן געהאלפן שאפן דעם אינטערנא־ציאנאלן ראציאנאליזם.

איך האב פארשטאנען מיין קליינקייט לגבי אזא גראנדיעזיטעט. שטענ־דיק באלויכטן מיטן אייביקן ליכט פונם אידעאל, האב איך אויפגענומען און פארווירקלעכט אין דער פראקטיק די גרינדונג פון אן אינטערנא־ציאנאלן בונד פאר דער ראציאנאלער דערציאונג פון דער קינדהייט, וואס זיינע אפטיילונגען זיינען שוין פארשפרייט איבער דער גאנצער וועלט. דער בונד גרופירט אַרום זיך די מענטשן, וואס פארטרעטן דאס דערהויבנסטע פונם געדאנק און פון דער דערלייזערישער ענערגיע פון דער געוועלשאפט. זיין ארגאן איז L'Ecole Renovée אין בריוסעל, צוגעהאלפן פונם באַלעטין דע לאַ עס־קועלא מאדערנא אין בארסעלאנא און לא סקואָלא לאַ־יקא, אין רוים, וועלכע ברענגען ארויף, דיסקוטירן און פארשפרייטן אלע פעדאגאגישע נייסן, וואס זייער ציל איז צו רייניקן די וויסנשאפט פון אלע אומריינע באַרירונגען מיטן שקר; צו פארטרייבן אלע גלויביקייטן; צו שאַ־פן א פולקאמע איינשטימיקייט צווישן דעם, וואס מען גלויבט, און דעם, וואס מען ווייס, און צו צעשטערן די פריווילעגיע פון יענעם עזאטעריזם, וואס זינט די אוראלטסטע צייטן האלט ער אין איבערלאזן דעם עקזאטעריזם פארן המון.

פון דערדאַזיקער רעקאפיליאציע פונם וויסן, וואס ווערט געמאכט פון דערדאזיקער גרויסער פארזאמלונג פונם ווערן, וועט מוזן ארויסשפראצן די גרויסע אנרעגונג צו א מעכטיקער, באוואוסטזיניקער און קאמבינירטער אקציע, וואס זאל געבן דער צוקונפטיקער רעוואלוציע דעם כאראקטער פון א פראַקטישן אויסדרוק פון סאציאלאגישער אנווענדונג. אזוי וועלן אויס־געמיטן ווערן די ליידנשאפטלעכקייטן און נקמות, די טעראריסטישע טראַ־געדיעס און די הערואישע קרבנות, די פרוכטלאזע זוכענישן, די אנטמוטי־קונג פון בעלי־חלומות און ליידנשאפטלעכע, די, דורך דער רעאקציע גע־

קויפטע, פאררעטן. ווארום דער ראציאנאלער און וויסנשאפטלעכער אונ־טערריכט וועט אויפלייזן די פאלקס־מאסע אויף צו מאכן פון יעדער פרוי און יעדן מאן א באוואוסטזיניקן, פאראנטווארטלעכן און אקטיוון מענטש, וואס וועט באשטימען זיין ווילן מיט זיין אייגענעם שכל, וואס וועט זיך באראטן מיט זיין אייגענעם וויסן, וועלכער וועט שוין אויף תמיד זיין פריי פון יענער ליידנשאפט, וואס ווערט סוגעדירט דורך די אויסנוצער פונם רעספעקט צום טראדיציאנעלן, און פון דער שארלאטאנעריי פון די מאדער־נע מאכער פון פאליטישע פראגראמען.

וזאס די רעוואלוציע וועט אנווערן אויפן פראגרעסיוון וועג פון אירע דראמאטישע כאראקטעריסטיקס, וועט עס געווינען די עוואלוציע אין פעסט־קייט, סטאבילקייט און קאנטינואיטעט. וועט זיך די וויזיע פון א פאר־נונפטיקער געזעלשאפט, וואס די רעוואלוציאנערן פון אלע צייטן האבן פאר־רויסגעזען און די סאציאלאגן פארשפרעכן אויף זיכער, באווייזן צו אונדזערע יורשים נישט ווי א חלום פון אוטאפיסטן, נאר ווי א פאזיטיווער און פארדינטער נצחון, אראנק דער הויך רעוואלוציאנערישער ווירקזאמקייט פון דער פארנונפט און פון דער וויסנשאפט.

דער רום, וואס עס האט געקראגן די דורך דער מאדערנער שול אריינ־געבראכטע נייס אין דער דערציאונג און אין דעם אונטערריכט, האט צונע־צויגן די אויפמערקזאמקייט פון אלע, פאר וועמען דער אונטערריכט איז באַ־זונדערס וויכטיק, און אלע האבן זיך געוואלט באקאנען מיט דער נייער סיס־טעם.

עס זיינען געווען וועלטלעכע שולן, אייניקע פריוואטע און אנדערע אויפגעהאלטענע פון געזעלשאפטן, און זייערע אנפירער און אויסהאלטער האבן געוואלט וויסן דעם אונטערשיד צווישן זייערע מעטאדן און די ראַ־ציאנאליסטישע נייאיקייטן, און כסדר פלעגן קומען יחידים און קאמיסיעס צו באזוכן די ש ו ל און אויסצופרעגן מיך. איך פלעג מיט פארגעניגן ענט־פערן אויף די פראגעס, פארטרייבן זייערע ספקות און צורידן זיי אנצונעמען דעם נייעם וועג, און אַנגיכן האבן זיך אנגעהויבן די אונטערנעמונגען צו רעפארמירן די געשאפענע שולן און צו גרינדן נאר נייע, נאכן מוסטער גאך פון דער מ א ד ע ר נ ע ר ש ו ל.

דער ענטוזיאזם איז געווען גרויס, געווען אין אים גענוג שטויסנדיקע קראפט אויף דורכצופירן גרויסע אונטערנעמונגען, אבער עס איז ארויפגע־קומען א גוואלטיקע שוועריקייט, ווי דאס האט געמוזט פאסירן: עס האבן געפעלט לערער, און, וואס נאך ערגער, מען האט זיי נישט געקאנט אימפרא־וויזירן. די טיטולירטע לערער האבן געהאט צוויי מינים חסרונות, די פע־דאגאגישע רוטין און די מורא פאר דעם, וואס עס קאן זיך אויסלאזן אין דער צוקונפט, און זייער ווייניקע — ווירדיקע אויסנאמען — זיינען געווען, וואס האבן זיך צוליב אלטרואיזם און ליבע צום אידעאל ארייננעווארפן אין דער פראגרעסיווער אוואנטיור. די געבלידעטע יונגעלייט פון ביידע געשלעכ־טער, וועלכע וואלטן זיך געקאנט ווידמענען דעם אונטערריכט, זיינען געווען דער איינציקער רעסורס, צו וועלכן מען האט געמוזט אנקומען אויף ממלא צו זיין אט דעם גרויסן חסרון, — אבער ווער זאל זיי אריינפירן אין דער פע־דאגאגיע? וואו האבן זיי געקאנט דורכמאכן זייער לערע? עס פלעגן אפט קומען צו מיר קאמיסיעס פון ארבעטער פאריינען און פאליטישע גרופן און מודיע זיין, אז זיי האבן באשטימט איינצוארדענען א שולע; זיי האבן גע־האט א גוטן לאקאל, האבן געקאנט איינשאפן דעם נויטיקן מאטעריאל, זיי האבן פארמאגט די ביבליאטעק פון דער מאדערנער שול; — האט איר א לערער? — פלעג איך זיי א פרעג טון, און זיי פלעגן מיר ענטפערן, אז נישט, אז זיי מיינען נישט, דאס זאל זיין א שווערע זאך צו באקומען; — איז אזוי ווי איר וואלט גארנישט געהאט; — פלעג איך זיי ענטפערן.

היות די אומשטענדן האבן מיך געמאכט פארן אנפירער פונם ראציא־נאליסטישן אונטערריכט איבער די כסדרדיקע אנפראגן און ביטעס מצד די אספיראנטן אויף לערער, האב איך בולט געזען יענעם גרויסן חסרון, וואס איך האב זיך באמיט צו פארריכטן מיט מיינע פריוואטע דערקלערונגען און מיט אננעמען יונגע געהילפן אין דער מאדערנער שול. רעזול־טאטן האבן זיך באקומען פארשידענע: פאראן איצט ווערטפולע לערער, וועלכע האבן דארטן אנגעהויבן זייער קאריער און גייען אן, ווי פעסטע אויפהאלטער פונם ראציאנאלן אונטערריכט; און פאראן אזעלכע, וואס זיי־נען דורכגעפאלן איבער גייסטיקער אדער מאראלישער אומפעאיקייט.

איך האב נישט געוואלט וואַרטן, ביז די שילער פון דערזעלביקער מאָדערנער שול, וואס וועלן זיך ווידמענען דער פּעדאַגאַגיע, וועלן דורכמאַכן די נויטיקע צייט, און האב געגרינדעט דעם לערער־סעמינאַר. די עקספּעריענץ האט מיך איבערצייגט, אז אויב אין דער וויסנשאַפטלעבער און ראציאָנאַלער שול ליגט דער שליסל צו דער סאציאַלער פראַגע, דאַרף מען קודם־כל צוגרייטן א לערערטום, וואס זאָל זיין צוגעפּאַסט און פעאיק פאַר אזא גראַנדיעזן באַרוף.

ווי א פּראַקטישער און פּאָזיטיווער רעזולטאַט פון דעם אַלעמען, וואס דאַ איז אויסגעדריקט, קאן איך פאַרזיכערן, אז די באַרסעלאָנער מאָדערנע שול איז געווען א זייער געלונגענער פּרואוו, וואס האט זיך אויסגעצייכנט מיט אט די צוויי כאַראַקטער־שטריכן:

1. זי האט געגעבן די נאָרם — הגם מען קאן אין איר ערווייטערן ווייטערדיקע פאַרפולקומונגען — פון, וואס דער אונטערריכט וועט דאַרפן זיין אין דער באַפרייטער געזעלשאַפט.

2. זי האט געגעבן דעם שעפערישן אימפּולס פון דעמאָקראַטיזירן אונטערריכט.

נישט געווען פריער קיין לימוד אינם ריכטיקן זינען פונם וואָרט: עס איז געווען א טראַדיציע פון טעותים און דאָגמאַטישע פאָרורטיילן, פון אויטאָריטעטן כאַראַקטער, אויסגעמישט מיט אמתן, וואס זיינען אנטדעקט געוואָרן דורך זשעניאַלע אויסנאַמען און האבן זיך אימפּאָנירט מיט זייער פלאַקערדיקן גלאַנץ. פאַר די פּריווילעגירטע אין די אוניווערזיטעטן. און פאַרן פאָלק איז געווען די עלעמענטאַרע בילדונג, וועלכע איז געווען און איז, צום אומגליק, א מין צוימונג: די שול איז געווען א מין פּונקט, וואו מען האט געצוימט די נאַטירלעכע ענערגיעס, כדי די פּאַרטיילטע מאַסן זאָלן ליידן מיט רעזיגנאַציע דעם נידעריקן מצב, אין וועלכן מען האט זיי געצוואונגען צו לעבן.

דער אמתער אונטערריכט, יענער, וואס גייט פאַרביי דעם גלויבן, וואס באַלייכט מיט די ליכטיקייטן פון דער באַשיינפּערלעכקייט, ווייל זי קאן צו

יעדער רגע דערוויזן ווערן דורך דער עקספּעריענץ; וואָס פאַרמאָגט יענע אומפעלבאַרקייט, וועלכע מען האָט פאַלש צוגעטיילט דעם שעפּעדיש מיט; וואָס קאָן נישט אָפּנאַרן זיך און נישט אָפּנאַרן אונדז, — דער אמתער אונטער־ריכט איז יענער, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער מאָדערנער שול.

פאַרן משך פון איר קורצער עקזיסטענץ, האָט די שול געבראַכט זייער אַנגעזעענע רעזולטאַטן: אויף די קינדער, וואָס פלעגן אַריינגענומען ווערן אין שול און געקומען אין באַרירונג מיט זייערע חברים, פלעגט מען באַלד באַמערקן אַ טיפן איבערבייט אין זייערע געוואוינהייטן, ווי איך האָב דאָס שוין באַמערקט — אויפן ערשטן פּלאַן פלעגן זיי ווערן ריינלעך, פלעגן זיך אויפהערן צו פאַרטשעפּען מיט אַלעמען, פלעגן נישט פאַרפּאַלגן די גאַסן־חיות, פלעגן אין זייערע שפּילן נישט נאָכמאַכן דעם ווילדן ספּעקטאַקל, וואָס מען רופט נאַציאָנאַלער יום־טוב, און, דערהויבנדיק זייער גערדאַנק און אויסלייטערנדיק זייערע געפילן, פלעגן די קינדער באַדויערן די געזעל־שאַפטלעכע אומגערעכטיקייט, וואָס, אַזוי ווי וואונדן, וועלכע מען קאָן נישט באַהאַלטן צוליב זייער צאָל און גרויס, באַווייזן זיי זיך צו יעדער רגע אויף אַזאַ עמפּינדלעכן אופן. פונקט אַזוי פלעגן זיי פאַרהאַסן די מלחמות און פלעגן נישט קאָנען פאַרשטיין, אַז דער נאַציאָנאַלער רום זאָל, אַנ־שטאָט צו באַצירן זיך אויפן גרעסטן סכום גוטסקייט און גליק פון אַ פאָלק, אוועקגעשטעלט ווערן אויף דער דעראָבערונג, אויף דער באַהערשונג, און אויף דעם אומווירדיקסטן גוואַלט.

די השפּעה פון דער מאָדערנער שול, וועלכע האָט זיך אויסגעשפּרייט דורך די איבעריקע שולן, וואָס האָבן זיך, ווי אַ מין אַפּטיי־לונגען, געגרינדעט, אננעמענדיק איר סיסטעם, און אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך אַרבעטער־פאַריינען, — די דאָזיקע השפּעה האָט זיך אויך דורכגעריסן צו די פאַמיליעס. די קינדער, וואָס זיינען באַלויכטן געוואָרן דורכן שיין פון דער פאַרנונפט און פון דער וויסנשאַפט, האָבן זיך אומבאַוואוסטזיניק פאַר־וואַנדלט אין די לערער פון זייערע אייגענע עלטערן, און די דאָזיקע האָבן איבערגעטראָגן דעם איינפלוס אינם קרייז פון זייערע באַקאַנטע און אויס־געשפּרייט אַ געזונטע ווירקונג.

צוליב דער אנגעזעענער אויסשפרייטונג פון אט דעם איינפלוס, האט די מאָדערנע שול זיך געוואונען די שנאה פון יענעם יעזואיטיזם, אין קורצע און לאנגע קליידער, וואס האלט זיך אויף, ווי די שלאנגען אין זייערע באהעלטענישן, אין די פאלאצן, אין די טעמפלען און אין די קלויס־טערם פון בארסעלאנא. אט די שנאה האט אינספּירירט דעם פּלאן צו פאר־מאכן די מאדערנע שול, וועלכע איז נאך פארמאכט, אבער איצט קאָנצענטרירט זי צוריק אירע כוחות, דעפינירט און פארפולקומט איר פּלאַן און קומט צו די נויטיקע קרעפטן אויף צו דערגרייכן דעם פלאַץ און אנזען פון אן אמתער ארבעט לטובת דעם פּראגרעס.

אָט דאָס איז געווען, דאָס איז און דאָס וועט זיין די מאָדערנע שול.



# אויסגאבן פון דער יידישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט

אַנטיטש כאָסע — פראַנסיסקאָ פערערס פעדאַגאָגיע, 30 זייטן 20 סענט
גראַוו זשאַן — בורזשואַזע און פרייהייטלעכע דערציאונג, 28 ז. 20 „
פּאַר סעבאַסטיאַן — ווערטער פון א דערציער, 96 זייטן — — 20 „
אוראַלעס פ. — די פרייע שול, 30 זייטן — — — — — — — 20 „
עלסלאַנדער י. פ. — א באַזוך אין א מאָדערנער שול, 34 זייטן 20 „

---

ווענן אַלע ענינים פון דער „בוך־געמיינשאַפט" זיך ווענדן
אויף אַט דעם אדרעס:
Sucursal 15 Casilla 16
Buenos Aires

